Rok I. Kraków, 10 września 1909 — קראקא, כ"ד אלול תרס"ט. Nr 35




Żydowska gazeta illustrowana.

Wychodzi każdego piątku.

Prenumerata wynosi: Rocznie 10 K. — 5 Rbs. Półrocznie 5 K. — 2.50 Rbs. Kwartalnie K 2.75 = 1.50 Rbs.

Pojedynczy egzemplarz 20 h. — 10 Kop.

Redakcya i Administracya: Kraków, Grodzka 62.



Judische Illustrierte Zeitung.

ערשיינט יעדען פרייטאג.

אבאנאמענטס־פרייז: יעהרליך: 10 קראנען = 5 רובל. האלביעהריג 5 קראָנען = 2.50 רובל. פירטעל יעהרליך 2.75 קראָנען, = 1.50 רובל.

איינצעלנע נומער 20 העללער — 10 קאפ.

אין אנדערע לענדער: יעהרליך 15 פראנק, האלביעהריג 7.50 פיערטעליעהריג 4 פראנק.

רעדאקציאן און אדמיניסטראציאן: קראקא גראדזקא 62. טעלעפאן נו' 412. עסטערר. פאסטשפארקאסען־קאנטא נו' 57,341.

הויפטפערטרעטונג פאר רוסלאנד: י. מערעצקי, ווארשא, כמיעלנא נר 49. פיליע אין לאדז: פרזעיאזד נו' 16
הויפטפערטרעטונג פאר רומעניען: דאוויד הערצבערג, יאסי, סטר. סאראריע נר 151.

# צעפעלין אין בערלין.

צעפעלין אין בערלין: גראף צעפעלין ווערד ביי זיין לאנדונג בעגריסט פונ'ם דייטשען קאיזער און די קאיזערליכע פרינצען.

# צו די לעזער.

מיט דער פֿאריגער נומער האבען מיר בייגע־געלעגט אלע גאנציעהריגע אבאנענטען די ארץ־ישראל לאזע. די ציעהונג וועט שטאטפינדען ביום א׳ ב׳ דחוה״מ סוכות, 4 א זייגער נאכמיטאג אין קראקא, גראדגאסע 62. — יעדער אבאנענט וועט האבען דאס רעכט, דער ציעהונג בייצוואהנען.

ווער ס׳וועט אבאנירען דאס בלאט אויף א גאנץ יאהר ביז צום 25. סעפטעמבער, וועט נאך האבען דאס רעכט אויף דער ארץ־ישראל פרעמיע.

פֿירטעליעהריגע און האלביעהריגע אבא־נענטען, וואס וועלען איצט צושיקען דעם אבא־נעמענטס־בעטראג ביז אויף א גאנץ יאהר, וועלען אויך האבען דאס רעכט אויף דיעזער פרעמיע.

---

די פערשלייסער און אנגעטען ווערען אויפ־געפֿאָדערט, תיכף צו בעגלייכען די רעכנונגען כדי מיר זאלען נישט געצוואונגען זיין, אונטערצו־ברעכען די צושענדונג פֿונ׳ם בלאט.

די יעניגע אבאנענטען, וואס זייער אבאנעמענט האט זיך געענדיגט, ווערען געבעטען, עס באלד צו ערנייערן, כדי עס זאל נישט איינטרעטען קיין אונטערברעכונג אין דער עקספעדיציע פונ׳ם בלאט.

## די אדמיניסטראציע.

---

# צעפּעלין אין בערלין.

די שמחה פון די דייטשען איבער דעם פאקט, אז צום טראטץ פון אלע שוועריגקייטען איז עס דעם גראף צעפּעלין געלונגען, צו דערגרייכען מיט זיין לופטבאלאן „צעפּעלין נר׳ 3“ די דייטשע הויפטשטאדט בערלין, איז גאר נישט צום בעשרייבען.

זיי בעטראכטען דאס אלס א גרויסען נאציאנאלען נצחון, א ערפאלג דורך וועלכען ס׳איז מקוים געוואָרען דאס דייטשע נאציאנאל־ליעד: „דייטשלאנד, דייטשלאנד איבער אלעס!“

אין אמת׳ן איז טאקי דער צעפּעלין׳שע באלאן א ערפינדונג פון געוואלטיגער בעדייטונג; דייטשלאנד פערמאגט שוין איצט איבער דריי צעפּעלין׳שע לופטבאלאָנ׳ס. „צעפּעלין נר׳ 1“ געפינט זיך אין מעטץ; „צעפּעלין נר׳ 2“ אין קעלן; איצט וועט „צעפּעלין נר׳ 3“ נאכדעם ווי מען וועט איהם ריכטיג אויסרעפּאריערען און אויספּרו־בירען, איינגעלאגערט ווערען אין מאינץ, די אנדערע „צעפּעלינ׳ס“, וואס געפינען זיך איצט אין בוי, וועלען

די קאיזער־מאנעווער — דאס שלאס הארראך, וואו דער קאיזער וועט וואהנען.

איינגעלאגערט ווערען אין אנדערע גרויסע שטעדט, וואס האבען א וויכטיגע סטראטעגישע בעדייטונג.

ווען מען בעדענקט, אז יעדער צעפּעלין׳ער באלאן איז צירקא 150 מעטער לאנג און קען אויף זיך טראגען א געוויכט פון 500 ביז 1000 טאננען, אזוי אז יעדער באלאן קען בעלאדען ווערען מיט 10—15 מענשען, 2—3 קאנאנען און געניגענדע מוניציע, קען מען שוין משער זיין, וועלכע בעדייטונג אזא באלאן וועט האבען אים קריעגספאל און אז די זארג פון די ענגלענדער און פראנצויזען וועגען דעם באלאן איז זעהר בעגרינדעט.

דער עמפפאנג פון צעפּעלין מיט זיין לופטבאלאן איז געשעהען אויף פאלגענדען אופן:

שוין פון 11 א זייגער אין דער פריה האט די גאנצע קאיזערליכע פאמיליע אין דער אויגוסטא־קאזארמע ערווארטעט דאס אנקומען פון צעפּעלינס־לופט־שיף. האלב צוועלף האט זיך בעוויזען אויפ׳ן בלויען האריזאנט דאס לופט־שיף, און האט אנגעהויבען צו מאנעווירען, כדי צו בעווייזען, מיט וואס פאר א לייכטיגקייט דאס שיף געהארכט זיין געניאלען פיהרער. האלב איינס א זייגער האט צעפּעלין III גענומען פליהען צום טעמפעלהאפער־פעלד. דאס שיף איז יעצט געפלויגען זעהר שנעל, און די קאיזערליכע פאמיליע האט אויפמערקזאם בעטראכט יעדע בעוועגונג, וואס ער האט געמאכט. א פערטעל שעה שפעטער איז די גאנצע קאיזערליכע פאמיליע אין אויטא־מאבילען צוגעפאהרען צום טעגעלער שיס־פלאץ, וואו דער באלאן האט געדארפט ארונטערשטייגען. באלד נאך דער אנקונפט פון דעם קאיזער, דער קאיזערין, מיט זייער גאנצער פאמיליע האט דער באלאן ארויסגעווארפען א שטריק און מען האט איהם אנגעהויבען צו פראנקערען;

די דאזיגע ארבייט איז געמאכט געוואָרען מיט דער גרעס־טער פינקטליכקייט און האט געדויערט אינגאנצען 5 מינו־טען. א מינוט שפעטער איז צעפּעלין ארויסגעגאנגען פון זיין גאנדעל און איז אויפ׳ן ווארימסטען אופן בעגריסט געווארען פון קאיזער, פון דער קאיזערין און די פרינצען. דערנאך האט דער קאיזער פארגעשטעלט פאר צעפּעלין דעם בעריהמטען אמעריקאנער לופט־פליהער ארוויל רייט און דער פרעזידענט פון בערלין האט אין א קורצע אבער זעהר א בעגייסטערטע רעדע בעגריסט דעם גראף צעפּע־לין אינ׳ם נאמען פון גאנ׳ן בערלין.

נאך דיעזער רעדע האט דער קייזער אויסגערופען מיט א מעכטיגע שטימע: זיינע עקסעלענ׳ץ גראף צעפּעלין הורא, הורא, הירא! און דאס גאנצע פעלד האט גענומען הילכען פון פרייד־אויסרופען און הורא־געשרייען פון דער פיעל הונדערט־טויזענדער מענגע מענשען, וואס האבען בעדעקט די גאנצע אומגעגענד. נאכדעם האט דער קייזער געגוסען דעם גראף צעפּעלין אונטערן ארעם און איהם צופיהרענדיג צו זיין אויטאמאביל, געלאזט איהם צום ערשטען אריינזעצען זיך און ערשט נאך איהם האט זיך אריינגעזעצט דער קייזער. וועהרענד די קייזערין און די פרינצען האבען זיך פונאנדער געזעצט אין אנדערע אויטאמאבילען, דער קייזער מיט צעפּעלין זענען אבגעפאהרען אין קייזערליכען הויף, וואו עס איז [illegible] געווארען א פריהשטיק לכבוד דעם גראף צעפּעלין.

די גאנצע צייט האט די מוזיק געשפּיעלט פאטרי־אטישע ליעדער, און דאס פאלק האט נישט אויפגעהערט אויסצודריקען זיין פרייד דורך אונאויפהערליכע אויס־רופען און געשרייען: „האך, הורא, [illegible] לעבע צעפּעלין!“ איבערהויפט פייערליך האט עס אויסגעזעהען ארום דעם קייזערליכען שלאס, אין דער גאס „אונטער דען לינדען“, דא איז די ענגשאפט געוועזען א שרעקליכע, אבער די ארדנונג איז נישט געשטערט געוואָרען. דורכפאהרענדיג דורך דער געדיכטער מענגע מענשען, האט צעפּעלין יעדע מינוט ארונטערגענומען זיין הוט און געדאנקט דעם פאלק פאר׳ן גרויסען כבוד, וואס מען גיט איהם אפ.

האלב דריי א זייגער האט זיך אנגעהויבען דער פריהשטיק אין קייזערליכען הויף, און דער קייזער האט פיעל מאל געטרונקען לחיים פאר זיין „ליעבען גאסט, דעם גראף צעפּעלין“.

די פייערליכקייט אין בערלין האט געדויערט ביז האלב 12 ביי נאכט. ווען צעפּעלין III האט זיך צוריק אויפגעהויבען אין דער לופטען מיט זיין מייסטער, דער גראף, כדי אבצופליהען צוריק קיין פרידריכסהאפען. דאס אויפשטייגען פונ׳ם באלאן האט געדויערט איינגאנצען איינינע מינוט. צעפּעלין מיט זיינע בעגלייטער האבען זיך אריינגעזעצט אין גאנדעל און אויף דער קאמאנדא „לאז!“ האבען די סאלדאטען בעפרייט דעם באלאן פון די שטריק און ער האט זיך אויפגעהויבען מאיעסטעטיש אין דער לופטען, אין איינינע מינוטען ארום האט מען איהם שוין געקאנט זעהען, ווי ער פליהט שנעל אין דער ליכטיגקייט

פאגראם־יתומים: די יתומים מיט זייערע ערציעהערינס אין בערלין.



ר׳ שמואל סאלאנט זצ״ל.

פון דער לבנה אין דער ריכטונג צו דער שטאדט שפאנדוי. 5 מינוטען שפעטער איז ערהאלטען געווארען א טעלעגראמע פון שפאנדוי, אז צעפעלין III איז פאריבער געפלויגען איבער׳ן שטאדט.

אויף דעם צוריקוועג אבער איז דער באלאן ווידער בעשעדיגט געווארען. מען האט געמוזט די רייזע אונטערברעכען און דעם באלאן רעפארירען. דורכדעם האט צעפעלין נישט מעהר געקענט אויספיהרען זיין פלאן, פארצופיהרען דעם באלאן פאר׳ן קייזער פראנץ יאזעף, וועלכער איז דיענסטאג געקומען קיין פריעדריכסהאפען, בעזוכען דעם ווירטעמבערגישען קעניג.

אבער א טאג שפעטער איז אלעס געווען ווידער אויסגעבעסערט און „צעפעלין״ נומער 3 האט נאך א 22 שעה׳דיגער רייזע געלאנדעט אין פריעדריכסהאפען אהן א שום שטערונג.

## ר׳ שמואל סאלאנט זצ״ל.

אין ירושלים איז כ״ט אב תרס״ט נפטר געווארען דער רב־הכולל פון די אשכנזי׳ישע קהלות, ר׳ שמואל סאלאנט זצ״ל.

איבער 60 יאהר האט דער נפטר בעקליידעט דיזע הויכע שטעלע און זיין אנזעהען ביי אלע קהלות, אשכנזים ווי ספרדים, איז געווען גאר גרויס. זיין פטירה איז ווירקליך א אבדה שאין לנו תמורתה.

דער נפטר איז געבוירען אין רוסלאנד אין דעם קליינעם שטעדטעל פיעסק ביום ו׳ ב׳ דר״ח טבת תקע״ו. צו 8 יאהר האט מיט איהם שוין געקלונגען די גאנצע וועלט אלס דער „פיעסקער עילוי״. צו בר־מצוה האט ער חתונה־געהאט און פיעל גרויסע קהלות האבען איהם געוואלט אויפנעהמען פאר רב.

א צייט לאנג האט ער געראנגעלט מיט זיין שוואכקייט, ס׳האבען זיך ביי איהם געוויזען סימנים פון שווינדזוכט. אים יאהר ת״ר פערלאזט ער זיין היים און פאהרט קיין ארץ־ישראל. ווייל די ערצטע האבען איהם געהייסען וואהנען אין א ווארמען קלימאט. די לופט פון ארץ־ישראל האט איהם טאקי געהיילט. און ער האט דערגרייכט א זקנה פון 93 יאהר.

גרויס זענען זיינע אויפטהוכצער אין ירושלים געווען. ער האט פעראייניגט אלע אשכנזישע קהלות, האט געמאכט שלום מיט די ספרדים, געגרינדעט, אויסגעהאלטען און אונטערשטיצט כמעט אלע דארטיגע ישיבות, תלמוד־תורות, צדקה־חברות, שפיטעלער, בתי־יתומים וכדומה.

האטשי ער איז שוין זייט 20 יאהר בלינד געווען, האט ער נישט איין מאמענט אויפגעהערט צו ארבייטען לטובת־הכלל.

זיין נאמען וועט אין דער געשיכטע פון דער יודישער קהלה אין ירושלים זיין פערשריעבען מיט גאלדענע אותיות. זכר צדיק לברכה.

*
*

צוויי וואכען איז ער געלעגען קראנק. גאנצע טעג און נעכט פלעגט די „חצר החורבה״, וואו ער האט געוואהנט, פול זיין פון מענשען, מענער, פרויען און קינדער. פיעל מענשען פלעגען געהן אפט מתפלל זיין צום כותל המערבי פאר׳ן רב׳ס געזונד. דאקטוירים זענען פון איהם נישט אבגעטראטען. ס׳האט אבער קיין זאך נישט געהאלפען, און כ״ט אב, די נאכט פון זונטאג אויף מאנטאג איז ער נפטר געווארען.

תיכף זענען צושקט געווארען שליחים אין אלע שטאדט־טיילען מודיע זיין וועגען דער פטירה פון רב פון דער אשכנזי׳שער געמיינדע, און די ירושלים׳ער יודען זענען אויפגעשטאנען פון די בעטען און געקומען צו זיין וואהנונג.

פיי׳ן רב אין שטוב איז נאך דיזעלבע נאכט פארגעקומען א אסיפה פון די גרעסטע פארשטעהער, ווי אזוי איינצוארדנען די לויה. אין שטוב האט מען קיינעם נישט אריינגעלאזט אידער מ׳איז געגאנגען טבילה. ס׳איז אויסגעקליבען געווארען א קאמיטעט, וואס האט געשיקט איינלאדונגס־קארטען צו דער לויה צום ירושלים׳ער גובערנאטאר, צום שטאדט־פרעזידענט, צו די פארשטעהער פון די אלע נישט־יודישע געמיינדעס און די קאנסולען.

דיענסטאג האלב 9 אין דער פריה האט זיך אנגעהויבען די לויה. פריהער איז אומעדום אויסגערופען געווארען אין נאמען פון די רבנים, אז יעדער וואס איז נישט געגאנגען טבילה, זאל נישט צוגעהן טראגען די מטה.

גאנץ ירושלים זענען געקומען צו דער לויה. די ענגשאפט איז געווען א אונגעהייערע. עס זענען אויך געקומען פארשטעהער פון פאשא, פון די קאנסולען און אנדערע הויכע בעאמטע. אבצוהיטען די ארדנונג האט דער גובערנאטאר געשיקט א אבטיילונג פון פאליציאנטען.

קומענדיג אין רחוב היהודים האט זיך די געוואלדיגע פראצעסיע אבגעשטעלט. דער רב ר׳ נחמן בטיטו האט געמאכט א קורצען הספד. ער האט מעהר נישט געזאגט, ווי די פאר ווערטער:

„האטשי אונזער רבי האט איבערגעלאזט אין זיין צואה, אז מ׳זאל איהם נישט מספיד זיין. דאך וויל איך אייך נאר זאגען, אז איהר זאלט געדענקען, וועמען מיר האבען פערלוירען. דער עולם האט אויסגעבראכען אין א גרויס געוויין.

די פראצעסיע האט זיך גערירט פון ארט. פון מינוט צו מינוט איז דער עולם גרעסער געווארען. אלע באלקאנען, דעכער און פענסטער זענען געווען פול פון מענשען. קומענדיג 1 א וויינער צום הר־הזיתים, וואו ס׳איז



א באמבע אים פאסטפאקעט: דער פערוואונדעטע הויפטמאן מאטייס.

פארגעקומען די קבורה געבען זענען אלע גאסען פשוט שווארץ געווען פון מענשען.

אויך ביי׳ן קבר האט איהם קיינער נישט מספיד געווען, ווייל אזוי האט ער אנגעזאגט אין זיין צואה. אויך האט ער אנגעזאגט, אז אויף זיין מצבה זאל מען נישט אויסקריצען קיינע טיטולען, אויסער די ווערטער: „פה נקבר ר׳ שמואל ב״ר צבי סאלאנט״.

מען דערצעהלט, אז זיין שוועהר ר׳ זונדל סאלאנט, האט אויך אנגעזאגט אין זיין צואה, אז מ׳זאל איהם נישט מספיד זיין און נישט שרייבען קיינע טיטולען אויף זיין מצבה. ער האט זאגאר פערלאנגט, אז מ׳זאל אויף דער מצבה אפילו נישט שרייבען דאס ווארט „רב״. נאר קיינער האט די העזה נישט געהאט אזוי צו טהון, האט זיי ר׳ שמואל מתיר געמאכט שרייבען רב.

ירושלים בעוויינט שטארק דעם טויט פון אלטען גאון, וועלכער איז געווען א גרויסער עסקן בצרכי־צבור, האט געבויט הייזער פאר ארימע לייט, געגרינדעט ישיבות און שטארק געשטיצט די ארימע בחורים.

אויף מארגען נאך דער לויה האבען די פארשטעהער פון דער אשכנזי׳שער קהלה אין ירושלים אבגעהאלטען אן׳אסיפה ווען אויסצוקלייבען אויפ׳ן ארט פון ר׳ שמואל׳ן.

נאך לאנגע וכוחים איז בעשלאסען געווארען ארויסצושטעלען אלס קאנדידאטען הרב קוק פון יפו, הרידב״ז פון צפת, ראבינאוויטש פון פאלטאווע און זאנענפעלד פון ירושלים. די שטארקסטע קאנדידאטען זענען די ערשטע צוויי.



א שנעל־שיף: דאס פונ׳ם אבערלייטנאנט קארווין געבויעטע שיף.

# די ענטדעקונג פונ׳ם נארד־פאל.

דיעזע טעג איז די וועלט איבעררראשט געווארען דורך דער ידיעה, אז ס׳איז דעם אמעריקאנישען וועלט־רייזענדען און געלעהרטען דר. קוק געלונגען, צוצוקומען ביז צום צפון־פאל, אנ׳ארט, ביז צו וועלכען די גרעסטע און ענערגישסטע פארשער האבען ביז איצט נישט געקענט גרייכען.

די געלעהרטענוועלט האט לכתחילה אויפגענומען דיעזע נאכריכט מיט א צווייפעל. עס איז בעקאנט, וועלכע שוויערינקייטען די ביזהעריגע רייזען צום נארד־פאל האבען בעגעגענט. נאנזען, פאיער, עריכזען, אנדרעע און אנדערע, זענען טראטץ די גרעסטע אנשטרענגונגען נישט צוגעקומען ביז צום ציעל. מאנכע פון זיי האבען דארט פערלויערען זייער לעבען. אנדרעע האט אונטערגענומען א רייזע מיט א לופטבאלאן דא־טה׳ן און איז פערשוואונדען ווי א שטיין אין וואסער.

און פלוצים איז דאס שווערע ווערק נאר געלונגען דעם דר. קוק, וואס גילט גאר נישט פאר אזוי טיכטיג!

אבער צוויי דריי טאג שפעטער איז שוין מאקי דר. קוק אליין אנגעקומען אין קאפענהאגען און לויט זיינע דערצעהלונגען, זעהט קוק מאקי אוים, אז די ענטדעקונג פונ׳ם נארד־פאל איז א פעסטשטעהענדער פאקט, מיט וועלכען די וויסענשאפטליכע וועלט מוז רעכנען.

ערשט אין די לעצטע וואכען האט דער לופט־שיפער וועלמאן ווידער נעם־זומט אונטערנעהמען א רייזע צום נארד־פאל מיט לופטשיף. ער האט זיך שוין געפונען אויף דעם אינזעל שפיצבערגען, דעם צפו׳ן־סטען ווינקעל פון נארד־מעער מיט זיין באלאן, אבער די וויטערשטערונג איז נישט געוועזען גינסטיג און ער האט זיין פלאן אויפגעגעבען. — אין בערלין האט זיך געבילדעט א קאמיטע, מיט דעם צוועק, אויפצוזוכען דעם נארד־פאל מיט דער הילף פון צעפעלין׳ס באלאן. — איצט איז דאס אלעס נישט מעהר נויטהיג, נאכדעם ווי ס׳האט דעם דר. קוק געגליקט, צו דערגרייכען דיעזען זעלטענען פונקט פון דער וועלט.

קוק׳ס ענטדעקונג האט פארלייפיג א גאנץ קליינע פראקטישע בעדייטונג. זי איז אבער פון דער גרעסטער בעדייטונג פאר דער וויסענשאפט. די גאנצע טהעאריע פון דער אסטראנאמיע, פון דער געאגראפישער וויסענשאפט, וועט איצט געפונען די בעסטע בעשטעטיגונג. אויפ׳ן פאל זעהט מען בחוש, ווי אזוי די ערד דרעהט זיך ארום איהר אקס; אויפ׳ן פאל קען מען אויפנעהמען די הימעל־מעסונגען; אויפ׳ן פאל קען מען אויך מאכען די פערשיעדענע מעטעאראלאגישע פארשונגען, וועלכע קענען האבען די בעסטע פראקטישע בעדייטונג.

די ענטדעקונג פונ׳ם נארד־פאל: דער ענטדעקער דר. קוק און פערשיעדענע סצענעס פון זיין רייזע, ווי ער מארשירט, ווי ער שלאפט, זיין שיף, זיין ווינטערגעצעלט עטצ.

איצט, נאכדעם ווי ערשט פאר קורצעם האט דער ענגלענדער שאקלעטאן ענטדעקט דעם זיד־פאל, איז שוין די גאנצע ערדקונעל ענטדעקט פאר דעם מענש. קיין פונקט אויף דער ערד איז פאר זיינע אויגען פערדוילען. ער איז דער הערר פון דער גאנצער וועלט...

דר. קוק איז געבוירען אם 10 יולי 1865 אין סוליוואן (אמעריקא). געשטודירט האט ער אין ברוקלין און שפעטער טהיילגענומען אין עקספעדיציעס צום פאל אין די יאהרען 1897 און 1899. פאר זיינע וויסענשאפט־ליכע ענטדעקונגען איז ער פיעל מאל בעשאנקען געוואָרען פון פערשיעדענע וויסענשאפטליכע געזעלשאפטען. ער האט אויך געשריבען איינינע ווערק איבער די פאל־געגענדען.

דר. קוק בעריכטעט איבער זיין רייזע פאלגענדעס:

„נאך א לאנגען קאמפף מיט הונגער און קעלט האבען מיר דערגרייכט דעם צפון־פאל. מיר האבען ענדעקט פיעל געגענדען, וואס זענען זעהר רייך מיט יאגר־חיות, וועלכע קאנען זעהר נוצליך זיין פאר די עסקי־מאסען, ווי אויך פאר אייראפעער. מיר האבען ענטדעקט א געגענד פון 30 קוואדראט מייל ארום פאל. נאכדעם ווי מיר האבען לאנג ארומגערייזט אויפ׳ן ארקטישען ים (ים הקרח).

אונזער שיף איז געקומען ענדע אויגוסט 1907 צום גרענעץ פונ׳ם ים, וואו ער איז אפען פון א״ז. דארט האט אונז רזאן ברעדליי געגעבען פראוויאנט. מיר האבען מיטגענומען עסקימאסען און צפון־הינד, אויך פיעל פלייש און באלד גענומען זיך צו דער פארשטעהנדער ארבייט. ערשטענס האבען מיר אויסגעבויט א הויז און געמאכט די נויטיגע הכנות, איבערצולעבען די לאנגע 6 מאנאט־ליכע פאל־נאכט. פון פאל זענען מיר געוועזען ווייט 700 ענגלישע מייל (בערך 1000 וויארסט). אונזער פלאן איז געוועזען, צו זוכען א וועג צום פאל דורך דער יבשה פון גרינעל. מיר האבען ארויסגעשיקט אנ׳עקספעדיציע אויפ־צוזוכען א יאנד־געגענד. אבער די עקספעדיציע האט זיך איינגעגעבען נאר טיילוויז. ווייל אין מאנאט יאנואר האט דער פראסט דערגרייכט 83 גראד צעלזיוס. דעם 19 פעווראל 1908 האט זיך צום ערשטען מאל בעוויזען א שטראהל פון דער זון, און מיר זענען ארויסגעטראטען צו אונזער עקספעדיציע צום פאל. אונזער עקספעדיציע איז בעשטאנען פון 11 מענשען. מיר האבען גענומען 300 הינד, וואס האבען געשלעפט 11 שליטענס איבערגע־לאדען מיט פראוויאנט. עס האט נאך אלץ געהערשט א פינסטערניש. די זון פלעגט זיך נור בעוויזען אויף א

די ענטדעקונג פונ׳ם נארד־פאל: עסקימאס־טענער.



די ענטדעקונג פונ'ם נאָרד-פּאָל: 1) קאַמף מיט וואַלראָסע. 2) אריינגעשטירצט אין שנעע. 3) 7) קאַמף מיט אייזבערען. 4) קאַמף צווישען זעע-הונד. 5) שליטענפאהרט אויף'ן אייז. 6) איינגעפּרעסט צווישען איזשטיקער.

קורצע ווייל'ע, דער פראָסט האָט געהאַלטען 83 גראַד. איינינע הינד זענען פערפראָרען געוואָרען. מיר אַליין האָבען אויך שרעקליך געליטען. באלד האָבען מיר ענטדעקט א צייכען פון יאַגד-חיות און דאס האָט אונז געגעבען די מעגליכקייט צו רערנרייכען דעם ים-אויסגוס לענדס-ענד. אייפ'ן וועג האָבען מיר געפאַנגען 101 מוסקוס-אקסען, 7 בער-ען און 335 פּיקס.

ד'עם 18 מערץ זענען 6 עסקימאָסען מיט 46 הינד אוועקגעגאַנגען צוריק און מיר זענען דריי טעג שפּעטער אַרומגעגאַנגען דעם פּאָל-צירקעל; ביז אונזער ענדליכען ציעל האָבען מיר נאָך יעצט געהאַט דורכצוגעהן 400 ענגלישע מייל. דעם 30-טען מערץ האָבען מיר ענטדעקט אַ נייעם לאַנד, און אונזער'ע אסטראָנאָמישע בעאָבאַכטונגען האָבען אונז בעוויזען, אַז מיר געפינען זיך 84,47 גראַד צום צפון. פון דאַרט האָבען מיר שוין מעהר קיין לאַנד ניט געזעהען, און מיר זענען געגאַנגען פאָראויס איבער אַ ים פון אייז, אויף וועלכען מיר האָבען שוין קיין לעבעדיגע בעשעפעניש ניט בעגעגענט. עס איז יעצט געוואָרען עטוואס וואַרעמער, אבער פונ'ם ווינד האָבען מיר זעהר געליטען. מיר זענען אַלץ געגאַנגען פאָרוועַרטס.

דעם 7-טען אפּריל האָבען מיר בעוואונדערט די מערקווירדיגע ערשיינונג פון דער האַלבע נאַכט-זון (ביים ציר הצפוני שיינט די זון אין האַלבע נאַכט און דאס איז איינע פון די זעלטענסטע און שענסטע נאַטור-ערשיינונגען), וואָס האָט בעלויכטען מיט איהרע שטראַהלען דעם מורא'דיגען ווייסען שניי מדבר.

דער 21-טען אפּריל האָבען מיר אויסגעמאָסטען, אז מיר געפינען זיך נאר 14 סעקונדען ווייט פון ציר הצפוני! — מיר זענען געגאַנגען נאָך 14 סעקונדען און נאָך אמאָל אויסגעמאָסטען וואו מיר זענען. מיר האָבען זיך גענוי איבערצייגט, אז מיר זענען אויפ'ן רעכטען נאָרד-פּאָל. דאַן האָבען מיר דורכגעשטאָכען דאס אייז און אריינגעשטאָבען אַ שטאַנג מיט אַ פאהן, וועלכע האָט מאַ'עסטעטיש געפאָכעט אויף דעם אזוי הייס געווינטשען ציר-אַקס.

דאָרט זענען פערשוואונדען געוואָר'ען פאַר אונזערע אויגען די זייטען: מזרח, צפון און מערב, וואו מען האָט געקוקט איז געווען דרום.

ווי שיכור'ע פון פרייד, האָבען מיר דערפיהלט אַ וואונדערליכע שוואַכקייט. אַרום אונז האָבען מיר קיין לאַנד נישט געזעהן, נור גרויסע אייז-פעלדער. שנעע און אייז ווייטער נאָר נישט!

אָבער, נישט קוקענדיג אויף אינזער גרויסער שמחה, אַז אונזער וועג האָט מצליח געווען, זענען מיר אויפ'ן צווייטען טאָג אַריינגעפאַלען אין אַ גרויסער מרה-שחורה, ווייל די איינזאַמקייט און וויסטקייט פון יענעם אָרט האָט אויף אונז געווירקט זעהר שלעכט. און דער ציר-הצפוני איז פאָרגעקומען אין אונזערע אויגען ווי עפּיס אַ טרויעריגער, טויטער מדבר. נאָך וועלכען עס איז נישט כדאי געווען אַזוי פיעל צו בענקען און צו שטרעבען. ווי ווייט אונזער אויג האָט געקענט גרייכען האָבען זיך פאַר אונז אויסגעשפּרייט אָהן אַ סוף ברייטע פעלדער שניי, וועלכע האָבען זיך מו'אַ'דיג אָבגעשפּיעגעלט אין די שטראַהלען פון דער נאַכט-זון, אָהן לעבען, אָהן לאַנד און אָהן אַ שום אָרט, וואס זאָל קענען איבערהאַקען דאס שרעקליכע בילד פון פראָסט און איינזאַמקייט.

אין מיטען דער טויטער אייז-וועלט זענען מיר געווען די איינציגע לעבעדיגע בריאים.

דעם 23-טען אפּריל האָבען מיר זיך געלאָזט צוריק, נאכדעם ווי מיר האָבען געמאַכט וויכטיגע אסטראָנאָמישע בעאָבאַכטונגען.

דער וועג צוריק האָט געדויערט לענגער ווי אַהין. אָפט האָבען מיר געמיינט, אַז מיר וועלען שוין דא צווישען אייז און שנעע געפינען אונזער קבר. מיר הידוש'ן זיך אַליין, וואָס מיר האָבען געהאַט די זכיה ווידער צו קומען צווישען מענשען.

* * *

די עסקימאָס, וועלכע דר. קוק דערמאַנט אין זיין בעריכט, זענען אַ קליין פאָלק וואס וואוינט אין גרענלאַנד. זיי צעהלען עפּיס מעהר ווי צעהן-טויזענד נפשות. זיי לעבען פריי אָהן א אויבערהער און רוהיג ווי די מענשען אין אוראַלטע צייטען. גרענלאַנד איז זעהר א אָרים לאַנד, וואו די קעלט איז שרעקליך גרויס און מעהר ווי די העלפט פון יאהר איז אייביגע נאַכט. אין די זומער-חדשים ערנעהרען זיי זיך דורך פאַנגען פון פיש און זעע-הונד. ווינטער בעהאַלטען זיי זיך אין די העהלען און ליגען בעגראָבען אונטער'ן שנעע, זיך אונטערהאַלטענדיג מיט זינגען, טאַנצען און שפּיעלען.— פאַר די נאָרד-פּאָל-פאָרשער זענען זיי געווען פון גרויסען נוצען, ווייל זיי זענען צוגעוואוינט צו די גרויסע קעלטען.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער עטליכע בילדער פון דר. קוק'ס רייזע לויט זיינע בעשרייבונגען, ווי ער איז געוואַנדערט, געשלאָפען, ווי ער האָט געקעמפט מיט די דאָרטיגע חיות און וואס ער האָט געזעהן אין די דאָרטיגע געגענדען. מיר ברענגען אויך צוויי בילדער, פאָרשטעלענדיג עסקימאָסישע מענער-און פרויען-גרופּעס.



די ענטדעקונג פונ'ם נאָרד-פּאָל: עסקימאָס-פרויען.

# די קאיזער־מאנעווער.

ריעזע טעג הויבען זיך אן אין דער געגענד ביי גראס־מעזעריטש די ראסיעהרינע גרויסע קאיזער־מאנעווער, אין וועלכע ס'וועלען נעהמען אנטהייל די דריי קארפס 1, 2 און 9 (קראקוי, וויען און אלמיטץ).

די מאנעווער־לייטונג וועט פיהרען דער טהראנ־פאלגער ערצהערצאג פראנץ פערדינאנד. דאס הויפט קווארטיער געפונט זיך אין גרוים־מעזעריטש און דער קאיזער וועט וואהנען אינ'ם שלאס פונ'ם גראף הארראך.

דאס שלאס, פון וועלכען מיר ברענגען א פאטא־גראפיש בילד אין אונזער היינטיגער נומער, איז היסטאריש זעהר בעריהמט. עס איז געבויעט אים 13 יאהרהונדערט עהנליך צו א פעסטונג און האט זיין אלטען סטיל בע־האלטען ביז היינט, האטשי עס איז שוין עטליכע מאל איבערגעארבייטעט געווארען.

עס איז מעבלירט מיט די טהייערסטע מעבעל און בילדער און בילדעט א זעהענסווירדיגקייט פאר זיך.

צו די מאנעווער קומט אויך קאיזער ווילהעלם פון דייטשלאנד, וועלכער וועט עבענפאלס וואהנען אין ריזען שלאס.

ביי די מאנעווער וועלען דאסמאל פערווענדעט ווערען אלע מאדערנע טעכנישע איינריכטונגען, ווי לופט־באלאנס, אויטאמאבילען, טעלעפאנען אהן דראהט, פעלד־קיכען עטצ., אזוי או עס וועט פארגעשטעלט ווערען א ריכטיג בילד פון א ווירקליכען קריעג.

די אייגענטליכע מאנעווער וועלען דויערן פונ'ם 9 ביז 11 סעפטעמבער.

דאס קומען פונ'ם דייטשען קאיזער צו די מאנע־ווער האט ארויסגערופען א אונאנגענעהמע פאליטישע פראגע. לכתהילה האט מען בעאבזיכטיגט, או קאיזער ווילהעלם זאל אין גרוים־מעזעריטש בעגריסט ווערען פונ'ם בירגער־מייסטער אים נאמען פון דער שטאדט. איז אבער דער דא־טיגע געמיינדעראטה שטא־ק טשעכיש־נאציאנאל און דער בירגערמייסטער איז אויפגעפאדערט געווארען, צו האלטען די בעגריסונגסרעדע רוקא אין ט ש ע כ י ש ע ר שפראכע.

אזוי ווי דאס וואלט געווען א דעמאנסטראציע געגען דעם דייטשען קאיזער, האט מען זיך די מעשה איבערגעלעגט און די מאסגעבענדע קרייזע פערציכטען איבער־הויפט אויף דער בעגריסונג. דער עמפפאנג פון קאיזער ווילהעלם אין גרוים־מעזעריטש וועט זיין בלויז א סילועטריעקע.

# פאגראם־יתומים.

„פאגראם־יתומים" — א נייער נאמען, וועלכען אונזער אבות־אבותינו האבען נישט געקענט. צו פערדאנקען האבען מיר אי'הם די ערייגניסע פון די לעצטע יאהרען אין רוסלאנד: קישענעוו, האמעל, ביאליסטאק, שעדליץ עטצ.

טרויריג און ביטער איז דער גורל פון יעדען יתום, וואס איז אנגעוויזען אויף די חסדים פון פרעמדע מענשען, אויף רחמנות וועלכעס מאנגעלט צוואר נישט ביי אחינו בני־ישראל, אבער וועלכעס לאזט תמיד צוריק ביים עמפ־פאנגער א ביטער געפיהל...

נאך טרויריגער אבער איז דער גורל פון די „פאגראם־יתומים". חוץ דעם אלגעמיינעם געפיהל פון פער־יתום'קייט, נאגט נאך אין זייערע יונגע הערצליך דער ווארם פון כעס צו די ווילדע בריאות, וואס האבען זייערע אונשולדיגע עלטערן געמארדעט אויף דעם ברוטאלסטען אופן...

די „פאגראם־יתומים" זענען די יתומים פונ'ם גאנצען יודישען פאלק, זייערע עלטערן זענען „קדושים", זיי אליין אבער „בנן של קדושים", קינדער פון דיעיעניגע, וואס זייער בלוט איז פערגאסען געווארען אויף קידוש־השם.

דאס קען אפשר זיין דאס איינציגע טרייסט־געפיהל, פון דיעזע עלענדע און פערביטערטע יתומים, פון וועלכע מיר ברענגען א בילד אין היינטיגער נומער לויט דעם יאהרעס בעריכט פון דעם דייטש־יודישען הילפס־פעראיין, וועלכער זארגט פאר זייער ערציעהונג.



גאז־עקספלאזיע אין בודאפעסט.

# פערהאפטעטער מערכען־הענדלער.

מיר לעבען אין זעהר א ציוויליזירטע וועלט, אין אין די מייסטע לענדער הערשט פרייהייט און גלייכהייט. די סקלאווערייי איז אבגעשאפט. איבעראל עקזיסטירען געזעצע שום שוץ פונ'ם לעבען, געזונדהייט, אייגענטהום עטצ. פון יערען בירגער. אפילו דאס גייסטיגע אייגענטהום פון יעדען מענש ווערד געשיצט און אבגעהיט דורך שטרענגע געזעצע.

און טראץ דעם אלעם עקזיסטירט נאך אלץ די פלאגע פון די מערכען־הענדלער. וואס שפרייטען אוים זייערע נעצען אין אלע לענדער. הויפטזעכליך אבער אין רוסלאנד, גאליציען, רומעניען עטצ.. ראט וואו ס'זענען פאראנען גרויסע מאסען ארימע בעפעלקערונגס־קרייזען פאנגען אונשולדיגע יונגע מיידליך און פער־קויפען זי אין די שאנדהייזער קיין אמעריקא, קאנסטאנטינאפעל, עגיפ־טען וכדומה.

וואס מען זאל נישט נעגען דיעזע שענדליכע און שעדליכע מענשען קעמפפען, וויעפיעל מען זאל נישט ווארנען די פאלקסמאסען פאר זייערע שפעקולאציעס און אינטריגעס. — מען קען זיי אלץ נישט אויסרוימען אים גאנצען.

# א שנעל־שיף.

ביים בעזוך, וועלכען דער צא־ ניקאלוים האט אונלענגסט אבגעשטאטעט דעם פ־אנצעזישען פ־עזידענט פאלליער אין שערבורג, האט דער עסטערייכישער אבער־לייטנאנט ריטער פון קארווין פארגעפיהרט דעם צאר זיין שיפעל, וועלכעס איז געבויט לויט א נייעם סיסטעם און וועט ערדייכען די גרעסטע שנעלינקייט און די גרעסטע לייכטינקייט ביים מאנעווערירען.

דאס שיפעל האט ארויסגערופען דאס גרעסטע אינטערעסע פון צאר און פון פ־עזידענט פאליער, וועלכע האבען דעם ערפינדער בעגליקווינשט צו זיין ג־ויסען ער־פאלג. אויך ביי דער אינטערנאציאנאלען זעגעלרעגאטע אין מאנאקא האט ריטער פון קארווין מיט זיין שיפעל בעקומען איינעם פון די ערשטע פ־ייזע.

די מעלה פונ'ם שיפעל איז, אז ביים פאהרען געפונט זיך דער פא־דערטהייל פאסט אים גאנצען איבער'ן וואסער, (ווי ס'איז צו זעהען אויף אונזער היינטיג בילד), הורך דעם קען עס זיך זעהר שנעל בעוועגען. זיין הויפט־ווערטה וועט זיין אלס מא־נע־באאט פאר טאטראלען און אלס פערמיטלער צווישען גרויסע פלאטען־שיפען, בעזונ־דערס ביים מאנעווער און אים קריענס פאל.



פערהאפטעטע מערכען־הענדלער: מ. ברודיל.



פערהאפטעטע מערכען־הענדלער: אברהם [illegible]

עס עקסיסטירען שפעציעלע געזעלשאפטען צום בעקעמפפען פון מערכען־האנדעל, עס ווער׳ען איבעראל אפגעהאלטען פארטרעגע, פערברייטעט בראשורען, כדי די מאסען אויפצוקלערען, אבער דאס אלעס העלפט נישט.

העלפען וועט נאר דאס ענערגישע איינשרייטען פון דער פאליציי אין אלע לענדער. נעגען די מערכען־הענדלער מוזען איינגעפיהרט ווערען זאלכע שטרענגע אינטערנאציאנאלע פאליציי־פערבינדונגען, ווי קענען די אנארכיסטען, ווייל זייערע מעשים זענען נישט ווייניגער שעדליך און פערדערבליך.

פארינע וואכע האט די טשערנאוויצער פאליציי נעכאפט צוויי אזאלכע פיינעל. דארט אין דער הויפט־שטאדט פון א ציוויליזירט לאנד, האבען זיי נעהאט דעם זאמעלפלאץ פאר זייער שענדליכער טהעטיגקייט, דא־ט פלעגען אין א געוויסען האטעל פערזאמלען די קרבנות פון פערשיעדענע נעגענדען און זיי דורך רומעניען אריבער־עקספארטיר׳ען קיין קאנסטאנטינאפעל.

אברהם שפירא און מ. כרודיל הייסען די ביידע פערשוינען, וועלכע מען האט פערהאפטעט נעראדע דעמילט, ווען זיי האבען נעוואלט אריבערפיהרען עטליכע מיידליך איבער דער גרעניץ. מיר ברענגען זייערע בילדער אין אונזער היינטיגער נומער, אפשר וועלען זיי די עלטערן פון פערנארטע קרבנות דערקענען און מיט דער הילף פון דער פאליציי קענען ארויסנעפינען דעם אויפ־ענטהאלט פון זייערע קינדער.

# א באמבע אים פאסט־פאהעט.

א רעטהזעלהאפט פערברעכען איז פארינע וואך פארנעקומען אין קאשוי, וועלכעס איז נאך ביז היינט נישט אויפגעקלערט געווארען.

דער הויפטמאן מאטיים האט בעקומען מיט דער פאסט א פאסט־פאקעט פון בודאפעסט, אויף דעם פ־אבט־בריעף איז געוועזען פערשריעבען די בודאפעסטער יובילער־פירמא בארוך אלס אויפגעבער און אלס אינהאלט: זילבערוואארען.

דער הויפטמאן האט זיך צווּאר זעהר געוואונדערט פון וואנען עס קומט צו איהם אזא ווענדונג, ער האט עס נאר נישט בעשטעלט. אבער ווייל די אדרעסע איז גע־ווען גאנץ גענוי אויף זיין נאמען, די נאס און דאס הויזנומער, עפענט ער דאס פאקעט, כדי צו זעהען, אפשר געפונט זיך דרינען א נעהערע מיטהיילונג, ווע־ס׳האט געהייסען דאס פאקעט שיקען.

נאכ׳ן אבריי‌סען פונ׳ם פאקפאפיער בעווייזט זיך א שעהן קעסטעלע פון מאהאגאני־האלץ, פערשלאסען מיט א שלעסעלע. ווייל אבער דאס שליסעלע איז נישט דא, פרופט דער הויפטמאן דאס קעסטעלע צו עפענען מיט זיין פעדערמעסער׳ל. אין דער מינוט אבער ערפאלגט א שרעקליכע עקספלאזיע. דער הויפטמאן ווערד געשלייי־דערט אין דער אנדערער זייט פונ׳ם צימער, פערוואונדעט דורך פערשיעדענע שפליטער.

א יך אים צימער און אין די אנדערע נעבענצימער האט די עקספלאזיע אנגעריכטעט פיעל שאדען. דאס מעבעל איז פאסט אים גאנצען פערניכטעט געווארען.

די עקספלאזיע האט זיך געהערט אויף דער גאנ־צער גאס און באלד איז זיך צוזאמענגעקומען א גרויס פובליקום, וועלכעס האט געטראפען דעם הויפטמאן בעוואוסטלאז ליעגען. מען האט איהם תיכף איבערגע־פיהרט אין שפיטאל אריין, וואו ער איז דערמונטערט געווארען.

גליקליכערווייזע זענען זיינע פערלעצונגען נישט לעבענסגעפעהרליך און ס׳איז פארהאנען די האפנונג, איהם צו רעטען.

די פאליציי האט זיך תיכף גענומען אויסצופאר־שען דעם אבזענדער פון דעם געפעהרליכען פאקעט און ס׳איז טאקי באלד געלונגען צו ענטדעקען. אז עס איז דער בודאפעסטער אפיציער סעבאסטיאן יונג, וועלכען מען האט תיכף איינגעשפערט.

ס׳איז אבער נאך נישט אויפגעקלערט, אויב ס׳האנ־דעלט זיך דא וועגען ראכע־אקט אין דיענסט אנגעלעגענ־הייטען אדער וועגען א ליעבעס־אפע־ע. דאס וועט ערשט די אונטערזוכונג ארויסווייזען.

# א שרעקליכע איבערשווע־מונג אין אמעריקא.

אין מעקסיקא איז פאר־יגע וואך פאר־געקומען א שרעקליכע איבערשוועמונג, וועלכע האט געפאדערט איבער 2000 מענשליכע קרבנות. 30,000 מענשען זענען געבליעבען אהן א דאך. דער שאדען בעטראגט איבער 60 מיליאן פראנקס.

די סבה פון דער גרויסער קאטאסטראפע איז גע־ווען א שטארקער ארקאן (שטורעם), וואס איז געקומען פון מערב־אינדיען און האט אויסגעבראכען מיט א אונ־געהייערע קראפט אויף די ברעגען פון מעקסיקא. שבת האט דער ארקאן געשטורעמט אין די אינערליכע טהיילען



פון דער מדינה, בעגלייטעט פון א שלאקס־רעגען, וואס האט געגאסען אהן אנ׳אויפהער אין פערלויף פון 96 שעה נאכאנאנד. די טייכען זענען ארויסגעטרעטען פון זייערע ברעגען און האבען פערנאכען דאס לאנד און די שטאטען טאמאוליפאס אין נעוואַ־לעאָ אויף א שטח פון 400 ענגלישע מייל.

איצט האט דער שטורם אביסעל נאכגעלאזען און מען האט שוין אנגעהויבען זיך צו בעשעפטיגען מיט דער אר־בייט צוריק אין ארדנונג צו ברענגען די קאמוניקאציע אין לאנד.

אם מייסטען פון אלע שטעדט האט געליטען די שטאדט מאנטערייי מיט איהרע 70 טויזענד איינוואהנער. אין דער שטאדט אליין און אין דער סביבה גרייכט די צאהל פון די דערטרונקענע ביז 1200, ביז אהער האט מען שוין בעגראבען 650.

מיט א געוואלדיגען רעש האט זיך דארט צונאסען דער טייך סאנטא־קאטארינא און האט זיך אריינגעריסען אין די אונטערשטע גאסען פון שטאדט. הונדערטער גע־ביידעס, וואס זענען געשטאנען אויפ׳ן דרום־ברעג, וואו עס האבען געוואוינט ארימע לייט, זענען די ערשטע איינגעפאלען און מיט זיך מיטגעריסען אלע מענשען וואס זענען אנטלאפען אויף די דעכער.

נייצינ פרויען און קינדער, וואס זענען אנטלאפען אין א שולע, זענען געטריעבען געווארען פון דעם פליי־צענדען וואסער פון איין צימער אין אנדערן, ביז די ווענד זענען איינגעפאלען און אלע אונטער זיך בעגראבען. איין פאמיליע איז געהאנגען 17 שעה נאכאנאנד אויף די צווייגען פון א בוים ביז מ׳האט זיי געראטעט.

בכלל איז אין שטאדט אנ׳אמת׳ער חורבן.

די וואסער־לייטונג איז צעבראכען, די עלעקטרישע בעלייכטונג פערדארבען, די אייזענבאהן־ליניע פערנאסען, און די שטאדט איז געבליעבען אהן קאמוניקאציע, אהן ליכט און אהן וואסער צום טרינקען. מ׳האט דעריבער מורא פאר א אלגעמיינע הונגער־נויט.

אויך פון די קלענערע שטעדט אויף דער פראווינץ קומען אן די זעלבע טרויעריגע ידיעות. ריכטיג צו בע־שטימען די צאהל פון די הרוגים איז אונמעגליך, ווייל אסך קערפער זענען אוועקגעריסען געווארען מיט׳ן שטראם אין ים אריין.

# גאז־עקספלאזיע אין בודא־פעסט.

פאר־יגען שבת נאכמיטאג איז אין די בודאפעסטער גאז־אנשטאלט פארגעקומען א שרעקליכע עקספלאזיע.

די סבה איז נאך נישט בעקאנט. עס זענען אומ־געקומען א גרויסע צאהל ארבייטער. עטליכע צעהנדלינגער טויטע האט מען שוין ארויסגעצויגען פון אונטער די חורבות. פון דער עקספלאזיע האט געליטען א גאנצער שטאדטטהייל.

# מנדלי מוכר־ספרים אין ווארשא.

די בערלינער האבען פארינע וואך געהאט זייער „צעפעלין״; די ווארשאווער יודישע וועלט, דיעיעניגע וואס אינטערעסירט זיך מיט דעם יודישען לעבען, מיט יודישער ליטעראטור, מיט יודישע קולטור, האט עטליכע טעג שפעטער מקבל־פנים געוועזען דעם „יידען״ רבי מנדלי מוכר־ספרים אפשר מיט א ביסעל ווענינער התלהבות און ליארם, אבער מיט נישט ווייניגער הערצליכקייט און פרייד.

מנדלי מוכר־ספרים, דער „יידע״ פון דעם גאנצען איצטיגען דור יודישע שרייבער, די קרוין פון דער יודישע ליטעראטור, איהר קלאסיקער, איהר גלאנץ און שטאלץ, איז געקומען קיין ווא־שא האלטען א פארלעזונג — דאס איז געוועזען א אמת׳ער יום־טוב פאר דעם ווארשאווער יודישען פובליקום.

מנדלי מוכר־ספרים איז געקומען פון ווילנא, וואו ער האט געהאלטען א פארלעזונג, אויפ׳ן וועג האט ער אבגעטרעטען אין ביאליסטאק און פארגעלעזען זיינע זאכען. איבעראל, אין ווילנא און אין ביאליסטאק, איז ער בעגריסט געווארען בכבוד־גדול, מיט הערצליכער פרייד, מיט ענטהוזיאזם, וועלכען קיין שום יודישער שרייבער האט אפשר נאך קיינמאל נישט דערלעבט.

אם גרויסארטינסטען אבער איז געוועזען דער עמפ־פאנג אין ווא־שא. דארט האט זיך געבילדעט א בעזונ־דערער קאמיטעט פון זשורנאליסטען, שריפטשטעלער, ארטיסטען און קינסטלער, צו אבווארטען דעם גאסט ביי דער באהן און איהם אבפיה־ען אין שטאדט.

דער קבלת־פנים איז באמת אויסגעפאלען זעהר גרויסארטיג. דאנערשטאג צו מיטאג איז דער צוג פון ביאליסטאק אנגעקומען, שוין א שעה פריהער איז דער פעראן געוועזען פול מענשען געקליידעט יום־טוב׳דיג לכבוד פון דעם חשוב׳ן גאסט. דער עולם איז געוועזען אזוי גרויס,

אז ס'האט באלד אויסגעפעהלט פלאטפארמע־קארטען אים אויטאבאס.

מיט אונגעדולד האט מען ערווארטעט דעם פאיעזר און ווען ער איז אנגעקומען האט זיך געהערט א פיעל הונדערטפאכיג רופען: „הידר, ר' מנדלי". לאנג לעבען זאל דער זיידע!' אויף די טרעפליך פון וואגאן באווייזט זיך דער מיט אונגעדולד ערווארטעטער גאסט, ר' מנדלי מיט זיין פרוי. געפיהרט דורך די סופרים הלל צייטלין, דוד פרישמאן, יעקב דינעזאהן און דר. נ. לעווין.

די התפעלות פונ'ם עולם איז געוואקסען איבער אלע גרעניצען. מיט דער גרעסטער בעגייסטערונג רייסען זיך פון יעדען ארויס בעגריסונגס ווערטער. אויף די הענד טראגט מען דעם זיידען ארויס פון וואקזאל ביז צו דער קארעטע און פון אלע זייטען הערט זיך רופען: „לאנג לעבען זאל דער זיידע!"...

און דער זיידע קוקט צו און שמייכעלט מיט זיינע קלוגע אויגען, ער בעגריסט זיינע „אייניקלעך" מיט ליעבע און הארצידיגע בליקען.

אויך אויף דעם גאנצען וועג פונ'ם וואקזאל ביז צום האטעל איז א גרויסער עולם פערזאמעלט. די רופען: „הורא! ר' מנדלי! הידר!" ווילען גאר נישט אויפהערען.

* * *

שבת 3 א זייגער נאכמיטאג איז פארגעקומען אין שווייצער־טהאל די פארלעזונג פון מנדלי מוכר־ספרים.



די פטירה פונ'ם קאזשעניצער רבי'ן: ר' ישראל מקאזעניץ, דער עלטער זיידע פונ'ם נפטר.

ווען מנדלי האט זיך בעוויזען אויף דער טריבונע, האט דער זאל פערהילכט פון די רוישענדע אפלאדיסמענטען.

אנפאנגס האט ער געלעזען איינינע שטעלען פון דער „קליאטשע". צום ערשטען איז זיין שטימע געווען שוואך. אבער וואס ווייטער האט ער אנגעהויבען רעדען שטארקער, ווארעמער, מיט געפיהל, אזוי, אז מ'האט איבער'ן גאנצען זאל געהערט יעדעס ווארט.

נאך אן אנטראקט פון 20 מינוט איז ער ווידער ארויסגעטרעטען מיט זיין לעזען א פרק פון „פישקע דער קרומער". און ערשט דאן איז נישט געווען קיין גרעניץ צו דער בעגייסטערונג פון עולם. מ'האט גערוישט, געשטורמט. אז דער לעקטאר אליין איז געווען ווי עס שיינט גערירט.

ר' מנדלי'ס לעזען צייכענט זיך אויס מיט איהר קלארקייט און דייטליכקייט. די שארפע שטעלען ווערען שטארק ארויסגערעדט, אז עס מאכט דעם גרעסטען איינדרוק אויפ'ן צוהערער.

אויף צום סוף האט ר' מנדלי געלעזען זיין איבערזעצונג פון „על נהרות בבל" און אזוי האט זיך דער עולם דערווייל פערבאשיידעט פון זיין טהייערען און ליעבען גאסט.

די גאנצע צייט פון לעזען האט זיך דאס פובליקום זעהר רוהיג געהאלטען, יעדער האט כמעט דעם אטהעם איינגעהאלטען אבי נישט צו פערלירען קיין איין ווארט.

נישט האבענדיג די מעגליכקייט אריינצוקומען אין זאל, ווייל ס'האט אויסגעפעהלט בילעטען, האט זיך אויף דרויסען אויפגעקליבען א גרויסער עולם, וואס האט איהם האט'ש געוואלט אנקוקען, און ווער ווייסט, ווי לאנג מ'וואלט אזוי אבגעשטאנען און אונגעדולדיג געווארט, ווען ס'וואלט נישט אנגעקומען פאליציי און דעם עולם געבעטען פונאנדערצוגעהן.



דער קאיזער אין טיראל: בעגריסונג דורך'ן לאנדעסהויפטמאן אין אינסברוק.

לכבוד פון דעם ליעבען גאסט וועט נאך פעראנשטאלטעט ווערען א באנקעט. דינסטאג וועט מנדלי אבהאלטען א צווייטע פארלעזונג אין טהעאטער „ערעמיטאזש".

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א פאטאגראפיש בילד פון דעם בעריהמטען יודישען שריפטשטעלער ש. י. אבראהאמאוויטש (מנדלי מוכר־ספרים) מיט זיין אייגענהאנדיגער אונטערשריפט.

# די פטירה פונ'ם קאזשעניצער רבי'.

פארינען מאנטאג, 9 א זייגער אין דער פריה איז אין קרשאנאוו (גאליציען) נפטר געווארען דער קאזשעניצער רבי, הרה"צ ר' ירחמיאל משה זצ"ל, אויף דעם וועג פון קריניצא א היים.

דער נפטר האט זיך גערעכענט אלס איינער פון גרעסטע מיוחסים ביי יודען, זיין פאטער, רבי יחיאל, איז נפטר געווארען זייענדיג נישט מעהר ווי 25 יאהר אלט. קוים 8 יאהר איז ער געזעסען אויף דער שטוהל. זיין זיידע איז געווען דער רבי ר' אלעזר, דער עלטער־זיידע איז געווען ר' משה אליקום בריעה, דער מחבר פון די ספרים „באר משה", „קהלת משה", „בינת משה" און אנדערע, א זוהן פונ'ם בעריהמטען קאזשעניצער מגיד ר' ישראל, (וואס זיין בילד ברענגען מיר אין היינטיגער נומער) איינער פון די תלמידים און נאהענטסטע נאכפאלגער פון ר' ישראל בעל־שם־טוב.

די מוטער פון ר' ירחמיאל משה ז"ל, וועלכע איז געבליעבען א יונגע אלמנה, האט חתונה געהאט מיט דעם סטאלינער רבי'ן רבי אשר, א זוהן פונ'ם בעריהמטען ר' אהרן קארלינער.

זיין קינדהייט האט ר' ירחמיאל משה פערבראכט ביי זיין מוטער, די סטאלינער רביצין און דאס התקרבות מיט'ן סטאלינער רבי'ס הויז האט אויף איהם געמאכט א געוויסע ווירקונג, זיין הנהגה איז אויך אין פיעל זאכען עהנליך געווען צו דער הנהגה פון די סטאלינער רביים.

ער איז געגאנגען זעהר שעהן געקליידעט, האט ליעב געהאט מוזיק, נגינה. מיט עטליכע יאהר צוריק אויף דער חתונה ביי זיין שוואגער, דעם פארצעוויער רבי', האט ר' ירחמיאל משה אליין געשפיעלט דעם רבנ'ס ניגון מיט אזא בעגייסטערונג, אז עס האט אויף אלע געסט געמאכט א געוואלדיגען איינדרוק.

וועגען זיין לומדות, גאונות און צדקה דערצעהלען די חסידים וואונדערבארע זאכען. די חסידישע וועלט האט אין איהם פערלוירען איינעם פון די גרעסטע רביים.

אין לעצטען יאהר איז דער רבי ר' ירחמיאל משה שטארק קראנק געווארען, א גאנצען ווינטער האט ער זיך קורירט. זומער איז ער געפאהרען קיין קריניץ צור קור, אויף דעם וועג א היים איז ער אין קרושאנאוו נפטר געווארען.

די טרויריגע ידיעה האט זיך באלד פערשפרייט צווישען אלע חסידים, וועלכע בעקלאגען זייער רבי'ן און מורה־דרך.

קרזאנאוו, וואו דער רבי איז נפטר געווארען, האט דורכאויס פערלאנגט, אז מ'זאל איהם דארט מקבר זיין, נישט פיהרענדיג קיין קאזעניץ. די קרזאנאווער בעלי־בתים האבען צוגעזאגט געבען עטליכע טויזענד רובל אויף א אוהל און א בית־המדרש אויפ'ן רבנ'ס נאמען. נאר די חסידים האבען דערויף נישט מסכים געווען, ווייל דעם רבנ'ס לעצטע ווארט איז געווען „אהיים". ענדליך איז געבליבען, אז מ'זאל זעצען א בית־דין, וועלכעס האט געפסקנט, אז עס איז א מצוה לקיים דברי המת און בפרט, אז אין קאזעניץ ליגען זיינע עלטערן.

באלד האבען די חסידים אנגעהויבען משתדל זיין זיך וועגען איבערפיהרען דעם רבי'ן קיין קאזעניץ. דאס אויספיהרען איז נישט אנגעקומען גרינג.

פאר'ן אוועקפיהרען האט מען דעם נפטר טובל געווען אין א מקוה, מטהר געווען און אנגעטהון. דערנאך האט מען איהם אריינגעלעגט אין א ארון, בעדעקט פון אינווייניג און דרויסען מיט בלעך. דעם ארון האט מען אבגעשיקט אין א משאות־וואגאן.

מיטוואך 4 פארטאג איז דער וואגאן אנגעקומען קיין גראבארקע (3 מייל פאר קאזעניץ). דארט האבען שוין געווארט ביז 4 טויזענד חסידים, צווישען זיי העכער 30 רבנים און רביים, ווי דער אסט־אויצער, מארויצער, קאלישינער און פיעל אנדערע. נאכ'ן קאזעניץ איז געווען אויף דער סטאנציע, די געוויינען און יללות האבען זיך געהערט ווייט ארום.

אין גראבארקע האט מען געמאכט א נייע מטה, ווייל מ'האט בעדארפט די מטה טראגען אזא שטרעקע



די קאטאסטראפע אין דער דאמבראווער קוילען־גראבען: דער שאכט יאן.

און מ׳האט קיינעם נישט צעלאזט איידער מ׳האט זיך טובל געווען, האבען זיך אין מייך טובל געווען העכער טויזענד פערזאן.

ש פרוג.

11 א זייגער מיטוואך איז די לויה אנגעקומען קיין קאוועניץ, דעם גאנצען וועג האבען די חסידים, טראגענדיג דעם ארון געזאגט תהלים, און זענען געגאנגען זעהר לאנגזאם.

קומענדיג קיין קאזעניץ האט מען דעם ארון אריינגעטראגען אין בית־מדרש פון מגיד ז״ל, וואו מ׳האט געווארט אויפ׳ן אנקומען פון סטאלינער רבי, ר׳ ישראל׳קע דעם ברודער פון נפטר פון איין מוטער. האלב צוויי איז דער סטאלינער רבי געקומען און אריינגעהענדיג אין בית־המדרש, האט ער אויסגעבראכען מיט א געוויין, זאגענדיג: „טייערער ברודער, איך וועסטען לאזט אונז איבער!“

דעם ארון האט מען ארויסגעטראגען פון בית־מדרש. יודישע סאלדאטען, וועלכע דער רבי פלעגט שהון פיעל נוטם און יום־טוב טאנצען מיט זיי, האבען זיך אויסגעשטעלט אין צוויי רייהען ביז ס׳האט דעם ארון געבראכט אין דער גרויסער שטארט־שוהל. דארט האט דער אסטראפצער רבי און דער ראדאמער רב געזאגט עטליכע הייסע ווערטער.

אויפ׳ן בית־עולם האבען ווייטער גערעדט איינינע גרויסע רבנים. פאר דער קבירה האט מען אוועקגעשטעלט דעם ארון און געזאגט: „מזל טוב, רבי, אייער זוהן ר׳ אהרן איז רבי געווארען“.

נאך דער קבורה האט זיך דער עולם אויסגעשטעלט אין צוויי שורות, ר׳ אהרן איז אין מיט׳ן דורכגעגאנגען און דער גאנצער עולם האט איהם אבגעגעבען „מזל טוב“

זכר צדיק לברכה!

# דער קאיזער אין טיראל.

דער בעזוך, וועלכען דער קאיזער פראנץ יאזעף האט פארינע וואך אבגעשטאטעט ויינע לענדער טיראל און פאראלבערג, אנלעסליך פון דער יאהרהונדערט־פייער זייט דער טיראלישען בויערן־ערהעבונג געגען די פראנצויזען, איז אבגעלאפען אין דער גרעסטער ארדנונג.

די טיראלער בעפעלקערונג האט דעם קאיזער מקבל־פנים געווען מיט אזוי פיעל פרייד און הערצליכקייט, אז דער אלטער קאיזער, וועלכער איז שוין געוואהנט אין אזעלכע זאכען, איז דאפון געווען שטארק גערירט.

גאנץ טיראל האט זיך בעפוצט מיט פאהנען און בלומען, אויף דער גאנצער שטרעקע, פון דער גרעניץ ביז קיין אינספרוק, זענען געשטאנען די טיראלער אין זייערע נאציאנאלע קליידער יום־טוב׳דיג בעפיצט און אקלאמירט דעם קאיזער. גאר גרויסארטיג איז געווען די בעגריסונג אין אינספרוק און אין ברעגעניץ, דער הויפטשטאדט פון פאראלבערג. הערליכע אילומינאציעס, היסטארישע אויפציגע, פאראדעס און פייערליכקייטען האבען נישט אויפגעהערט די גאנצע דריי טעג, וועלכע דער קאיזער האט זיך אויפגעהאלטען אין לאנד. בעזאנדערס ריהרענד איז געווען די האלטונג פון אלטע בויערישע וועטעראנען, וועלכע פלעגען זיך צושטופען צום קאיזער און יעדער האט דוקא געוואלט דערצעהלען זיין גאנצע לעבענסגעשיכטע. דער אלטע מאנארך האט יעדען אויסגעהערט מיט געדולד און פריינדליכקייט. און די אלטע בויערן זענען א היים געגאנגען גאר גליקליך.

נאך די פייערליכקייטען האט דער קאיזער געמאכט א רייזע אויף דעם באדענזעע צו בעזוכען זיינע שכנים, אין לינדוי דעם פרינץ פון באיערן, אין ראָרשאך די פערטרעטער פון דער שווייצער רעגיערונג, און מאינוי דעם גרויסהערצאג פון באדען, אין פריעדריכסהאפען דעם קעניג פון ווירטעמבערג. דארט האט זיך דעם קאיזער אויך פארגעשטעלט גראף צעפעלין אויסדריקענדיג זיין בעדויערען, וואס ער קען נישט פארפיהרען דעם קאיזער זיין לופטבאלאן. עס הייסט, אז דער קאיזער האט צעפעלין איינגעלאדען צו קומען אין קינפטיגען פריהלינג מיט׳ן לופטבאלאן קיין ווין.

דער אלטער קאיזער האט די שטראפאצען פון דער ווייטער רייזע איבערגעטראגען מיט לייכטינקייט און יעדער האט בעוואונדערט זיין פרישקייט און גוט אויסזעהען.

# פרוג׳ס קראנקהייט.

פון פעטערסבורג קומט די ידיעה, אז דער בעריהמטער יודישער דיכטער שמואל פ ר ו ג איז געפעהרליך קראנק. מען האט איהם געמוזט מאכען א שווערע אפעראציע, די דאקטוירים האפען צוואר איהם צו דערהאלטען ביים לעבען; יעדענפאלס איז אבער זיין געזונדהייטס־צושטאנד זעהר ערנסט.

שמואל פרוג איז איינער פון די בעסטע יודישע דיכטער, צוערשט פלעגט ער שרייבען נור רוסיש. און אין דער רוסישער ליטעראטור האט ער איינגענומען א וויכטיגען פלאץ, אזוי אז מען פלעגט איהם רופען „דער צווייטער פושקין“.

ביים אויפקומען פון דער יודיש־נאציאנאלער בעוועגונג האט פרוג אנגעהויבען שרייבען געדיכטע אין יודיש. די מייסטע פון זיינע געדיכטע זענען איבערזעצט געווארען אין העברעאיש ווי אויך אין אנדערע שפראכען.

אלע פריינד פון דער יודישער ליטעראטור ווינשען דעם קראנקען דיכטער א באלדיגע רפואה שלמה.

# א קאטאסטראפע אין דאמבראווער קויהלענגרובע.

אין די קויהלענגרובען פון דאמבראווער רעוויער (רוסיש־פוילען), איז פארינע וואך פארגעקומען א פורכטבארע קאטאסטראפע.

דער שאכט „יאן“ איז פלוצים פערפלייצט געווארען מיט וואסער בשעת ס׳האבען זיך אין איהם געפונען זעהר פיעל ארבייטער. דאס וואסער איז געקומען פון א צווייטער שכנות׳דיגער שאכט, אין וועלכער מען האט שוין לאנג נישט געארבייטעט.

בשעת דער קאטאסטראפע האבען זיך אין דער שאכטע געפונען 161 ארבייטער, פון וועלכע 135 איז געלונגען תיכף צו ענטלויפען און די איבריגע זענען דערטרונקען געווארען. פון די זענען פינף תיכף דערטראנקען געווארען און 22 האבען זיך געראטעוועט, קריכענדיג אין דער פינסטער ביז׳ן האלז אין וואסער.

ווען דאס וואסער איז א ביסעל אבגעפאלען האבען זיך איבער׳ן וואסער אנגעקליעבען שטיקענדע גאזען, וועלכע האבען געשטיקט די 22 לעבעדיגע ארבייטער.

פאר׳ן פערפלייצטען קויהלען־גרוב איז געשטאנען א גרויס פובליקום. פלוצים איז איינגעפאלען די ערד אונטער דעם פובליקום. נור צום גליק האט קיינעם נישט געשאדט.

די קויהלען־גרוב „יאן“ איז אויך אזוי פיעל חרוב דאס מ׳וועט שוין אין איהר וואהרשיינליך נישט קענען ארבייטען. אין דער גרוב האבען געארבייט זיעבען־הונדערט ארבייטער. די סבה פון דער קאטאסטראפע איז, וואס מ׳האט אויסגעריסען קויהלען דורך דינאמיט נישט ווייט פון דער שוין זייט 30 יאהר פערפלייצטער קויהלען־גרוב „ניקאלאי“. איצט שטעהט פאר א געפאהר דעם קויהלען־גרוב „פלארא“ און ס׳ווערען בעצייטענס אנגענומען מיטלען צו פערהיטען פון א קאטאסטראפע.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א בילד פון דער פערפלייצטער שאכט „יאן“.

# דער „קראנפרינץ“ פון די גנבים.

אויב ס׳איז פאראנען „קעניגע פון גנבים“, דאס הייסט אזעלכע וואס האבען ערדייכט דעם העכסטען רעקארד אין פעראיבונג פון גנבות, אזוי איז דער 14־יעהריגער מאריץ הובערמאן, וועלכען מען האט איצט אין ווין איינגעשפערט, זיכער דער „קראנפרינץ“ פון די גנבים...

איבער 200 גנבות האט דער קליינע קנאבע שוין פעראיבט, און ער דערצעהלט דאס מיט א געוויסען שטאלץ, וואס בעווייזט, ווי פערדארבען דער „קראנפרינץ“ איז שוין.

מיט 9 יאהר שוין האט ער אנגעהויבען צו גנביענען, זיין פאטער, א בעקאנטער גנב, האט איהם געלערנט די „מלאכה“ און דער קליינער מאריץ איז זעהר א פיכטיגער תלמיד געווארען, זיין רבי ברויכט זיך מיט איהם נישט צו שעמען. — אויך זיין שוועסטער איז א בעקאנטע גנב׳טע.

זיין הויפטשפעציאליטעט איז, זיך צו לאזען פון חברים שלאגען אויף דער גאס, פאריבערגעהענדע מענשען ווילען זיך אנגעמען פאר דעם ארימען יונגעל, עס ווערד א געדרענג און א געשטיפעריי ארום איהם און דערמיט קריכט ער אריין אין די קעשענעס פון זיינע בעפרייער און נעמט וואס ס׳לאזט זיך...

דער „קראנפרינץ“ פון די גנבים: מאריץ הובערמאן.

איצט, ווען ער האט ערדייכט דאס 14־טע לעבענסיאהר, קען מען איהם שוין לויט געזעץ בעשטראפען. ער וועט אבזיצען א צייט אין ארעסט — אבער געבעסערט ווערען וועט ער שווערליך — דאצו איז ער שוין צו שטארק פערדארבען...

# די יודישע וועלט.

## דער ניינטער ציוניסטען־קאנגרעס.

ווי מען טעלעגראַפירט פון קעלן, וועט פאַ־קומען דער ניינטער ציוניסטישער קאנגרעס אין האמבורג, אין דער צייט פון 26־טען ביזן 31־טען דעצעמבער.

דער איצטיגער קאנגרעס האט א בעזונדערע בעדייטונג, ווייל אויף קלא־ וועט מען צום ערשטען מאל נענוי בעטראכטען די בעציהונגען צו טערקיי, אויסער דעם וועט בעהאנדעלט ווערען די פראגע וועגען שאפען אַן'אַגראַר־קרעדיט פאַר פאלעסטינא.

אויפ'ן קאנגרעס וועלען קומען העכער 600 דעלעגאטען פון דער גאנצער וועלט, וועלכע וועלען זיך פערנעהמען איבערהויפט מיט די פראַגען וועגען פראקטישע ארבייט אין פאלעסטינא.

## די יודען אין קרעטא.

דער קארעספאנדענט פון „רוסואיש קראָניקל" האט געהאט א לאנגען געשפרעך מיט דעם הויפט־ראַבינער פון קרעטא ר' אברהם עוולאנאן, וועלכער געפינט זיך יעצט אין קאנסטאַנטינאפאל. וועגען דעם מצב פון די יודען אויף דעם אינזעל קרעטא. דיזער רב דערצעהלט:

די גרעסטע קהלה אויף דעם אינזעל איז קאנעא. זי בעשטעהט פון לערך 150 פאמיליעס. אין קאנדיא געפינט זיך נור לערך 15 פאמיליעס. אלע יודען אין קאנעא רעדען גריכיש און לעבען זעהר פריינדליך מיט זייערע שכנים, די גרעקען און מאחמעדאנער. די געמיינדע אין קרעטא בעזיצט צוויי סינאַגאָגען און איין גרויסע קינדער־שולע, וואו אלע למודים ווערען געפיהרט אויף גריכיש. די הוצאות אויף אויסצוהאלטען די געמיינדע גיבען די רייכע. און צו זייער עהרע קענען מיר זאגען, אז זיי גיבען טאקי ביד רחבה. קיין טאקסע, ד. ה. א קאראבקע, אויף פלייש איז נישטא, ווייל די יודישע שוחטים קוילען נישט בלויז פיר יודען, נור אויך פיר די מאחמעדאנער און גריכען, וועלכע בענוצען נור פלייש פון יודישע שחיטה. דער רב בעקומט זיין געהאלט פון דער רעגירונג.

די זיטען און אויפפיהרונג פון די יודען אין קאנעא, זענען העכסט ארענטליך און פיין. איבערהויפט דער פאמיליענלעבען צייכענט זיך אוים מיט זיין ריינקייט און צניעות. זעהר זעלטען קומט פאר, אז א פארפאלק זאל זיך קריגען און דער רב פערזיכערט, אז אין משך פון העכער דרייסיג יאהר וואס ער איז רב, האט מען איהם נור פינף מאל געפאדערט צו מסדר זיין א גט. די יודען זענען זעהר רעליגיעז און היטען־אָב פונקטליך אלע רעליגיעזע דינים און איבערהויפט ווערד זעהר שטרענג געהיט דער שבת. די יודען האבען קיין אנטייל נישט גענומען אין די אלע פאליטישע פארפאלען וואס זענען פארגעקומען אויף דעם אינזעל אין די לעצטע וואכען, און וועלכע פארטייען עס זאל נישט זיגען, וועט קיינע פון זיי נישט קענען האבען קיין טענות צו די יודען.

## א קאלאניע פאר יודען.

דורך דער בעמיהונג פון רב ה' לעווי פון שיקאגא, האט די רעגירונג פון די פעראייניגטע שטאאטען איבערגעגעבען א שטיק לאנד אין דרום געא־ניא, וועלכע בעשטעהט פון 32400 אקרעס, אויף גרינדען א יודישע קאלאניע. דאס שטיק לאנד איז זעהר פרוכטבאר און מען קען דארט זייען פלאנצען: טאבאק, בוים־וואל, צוקער־ראָהר און אלערליי גוטע פרוכטען, צוויי באהן ליניעס געהן דורך דיזעס לאנד.

## כבוד דעם דר. ואמענהאף.

צוקינפטיגען חודש וועט אין בארצעלאנא געעפענט ווערען א קאנגרעס פון עספעראנטיסטען.

א גרויסער באנקעט וועט געגעבען ווערען לכבוד דר. זאמענהאף, דעם גרינדער פון דער עספעראנטא־שפראך; דער באנקעט וועט טראגען א אפיציעלען כאראקטער און אויף איהם וועלען זיך בעטייליגען מיטגליעדער פון דער שטאדט־פער־וואלטונג און פארלאמענט און עס וועט צוליעב איהם געמאכט ווערען א מיליטער־פאראד.

דאס זעלבע שפאניען, וועלכעס האט מיט 400 יאהר צוריק ארויסגעטריבען אלע יודען פון לאנד, נעהמט איצט אבגעבען א פוילישען יודען דעם גרעסטען כבוד.

## א וואונדערליכע אפעראציע.

אין ניו־יאָרקער שפיטאל „בית־ישראל" האט מען געבראכט א קינד, וועלכעס איז בשעת א שרפה ארויסגעפאלען פון פענסטער און זיך צעבלוטיגט. אלע בעמיהונגען פון די דאקטוירים האבען נישט געהאלפען איינצוהאלטען ביים קינד דאס בלוט, אז עס האט געהאלטען ביים שטארבען. די דאקטוירים האבען מודיע געווען, אז עס איז פערהאנען נור איין איינציגעס מיטעל דאס קינד צו ראטעווען, אריינצולאזען אין זיינע אדערן פרעמד בלוט. א יוד וואס האט דאס דערהערט, האט זיך אנגערופען, אז ער גיעט זיין בלוט דערצו. מען האט געמאכט די אפעראציע און דאס קינד האלט ביים געזונד ווערען.

## פלטיאל זאמאשטשין ז"ל.

פערגעסען און פערלאזט איז פאריגע וואך געשטארבען אין וויען דער יודישער שריפטשטעלער פלטיאל זאמאשטשין.

אין די זעכציגער און אפילו נאך אין די אכציגער יאהרען האט ער געשפיעלט א געוויסע ראלע אין דער יודישער ליטעראטור. זיינע זאכען זענען געדרוקט געווארען אין דער „ווארשויער יודישע ציטונג", אינ'ם „הויזפריינד", אינ'ם „וועקער" און אין אַנדערע יודישע זאמעלביכער. ער איז געווען א תלמיד פון סמאלענסקין.

מיט א יאהר צוואנציג צוריק האט זאמאשטשינען געטראָפען א אומגליק: ער האט צעבראכען א פוס און יאהרען־לאנג געקרענקט. פון יענער צייט אן איז ער פערגעסען געווארען פון אלעמען און איז ווי אבגעשטאַרבען פאר דער ליטעראטור. ערשט זיין טויט דערמאנט ווידער זיין נאמען. תנצב"ה.

## זעלבסטמארד פון א יודיש מיידעל אויף איהר מוטער'ס קבר.

פאריגע וואך האט זיך אין אדעס געסמ'ט די 15 יעהריגע נחמה פינקעלשטיין ביי איהר מוטער'ס קבר. די בעזוכער פון בית־עולם האבען בעמערקט עפיס א בלאס מיידעל מיט א ביכעל אין דער האנד, בלאנקענדיג איבער די קברים. אין א ווייל שפעטער האט זיך פון איינעם פון די קברים דערהערט קרעכצען. מען איז צוגעלאָפען אהין און געפונען דאס מיידעל אין א שטערבענדען צושטאנד. נעבען איהר איז געלעגען א פלעשעלע פון קאַ־באליק־אסיד. די סבה פון איהר זעלבסטמארד איז, וואס מען האט זי, אלס יודיש קינד, נישט אנגענומען אין גימנאזיום.

נחמה פינקעלשטיין איז געווען א טאכטער פון א ארימען שניידער, וועלכע האט מיט דער גרעסטער מיה און מיט דער הילף פון אומזיסטיגע לעהרער פארבערייטעט זיך צום עקזאמען, און ווען מען האט זי איצט נישט צוגענומען האט זי זיך פאר פערצווייפלונג דאס לעבען גענומען.

## דעם סולטאן'ס „פירמאן" וועגען חכם־באשי.

די טערקישע צייטונגען פערעפענטליכען דעם „פירמאן", מיט וועלכען דער סולטאן בעשטעטיגט די וואהל פונ'ם נייעם חכם־באשי ר' חיים נחום. דער נוסח פונ'ם פירמאן שטאמט נאך פון אלטע צייטען, איז אבער ביז היינט געבליעבען אין דערזעלבער פארם אהן שום שינויים. די אינטערעסאנטסטע שטעלען זענען פאלגענדע:

„איך סולטאן מוהאמעד רעשאד, דער זוהן פון סולטאן מעדשיד, ערקלעהר דורך דעם ראזינגען הויכגעשעצטען, מיט'ן קייזערליכען סטעמפעל פערזעהנעם פירמאן, אז איך בעשטעטיג די שטעלע פון רבי חיים נחום עפענדי, אלס גרוים־ראבינער איבער אלע יודען פון דער הויפטשטאדט און די פראווינצען פון דעם גאנצען טערקישען לאנד. אלע גבאים פון די קהלות דארפען פאלגען זיינע בעפעהלען, און אלע דארפען איהם פאלגען כנוגע צו די מנהגים פון דער רעליגיע און נאטעסדיענסט.

„די רעגירונג ערלויבט זיי, די יודען, צו לייענען זייער הייליגע תורה, סיי ביים גרוים־ראבינער, סיי ערגיץ אנדערש, און קיינער טאר זיך נישט אין זייער נאטעסדיענסט אריינמישען. קיינער פון דער פאליציי טאר זיי נישט רודף'ן און געלד ביי זיי צו פאדערן פאר זייער נאטעסדיענסט.

„נור דער חכם־באשי, אדער זיין בעפאלמעכטיגטער האט דאס רעכט צו שליעסען חתונות און נט'ן און אלעס וואס געהערט דאצו. אויך נור ער, אדער זיין בעפאלמעכטיגטער קען אויסגלייכען א מחלוקת אדער א סכסוך צווישען צוויי יודען. ער קען מחייב זיין א שבועה אין סינאגאגע. ער האט דאס רעכט מענשען וועלכע ער געפינט פאר שולדיג, אויסצושליעסען פון דער געמיינדע (מחרים צו זיין), און קיין ריכטער טאר זיך אין דעם נישט אריינמישען.

„אויב עס שטארבט א יוד, וואס דער רב האט איהם אריינגעלעגט אין חרם, האט קיין ריכטער אין קיין פאליציי־באאמטער נישט דאס רעכט, צו צווינגען קיין שום רב, ער זאל זיך מתעסק זיין מיט זיין קבורה.

„דער חכם־באשי, די רבנים און זייערע פערטרעטער און זייער פערזאנאל קאנען נאר געמשפט ווערען אין דער הויפטשטאדט. אָפּעטירען א רב אין נאמען פון נעזעץ קאן נאר דער חכם־באשי אליין.

„מען טאר נישט צווינגען קיין שום יוד, ער זאל ווערען א מאהאמעדאנער.

„אז דער חכם־באשי בעפעהלט זיינע רבנים אדער פערוואלטונגס־בעאמטע צו בי־ענגען א יוד אין דעם ביוראה פון חכם־באשי, מען זאל איהם דארט בעשטראפען פאר א עבירה, האט די פאליציי קיין רעכט נישט, זיי דאפון אבצוהאלטען.

„די פאליציי טאר נישט פאַ־ען קיין שום בעצאהלונג פארין פאראדנעם שטעקען, וואס דער חכם־באשי טראגט, פאר זיינע פערד, פאר זיינע בעאמטען, פאר זייערע ספעציעלע קליידער, מויל־עזעלן און פערד, מיט וועלכע זיי צייכענען זיך אוים קענען די רבנים אין אנדערע שטעדט".

דער פירמאן ענטהאלט אין זיך נאך זעהר פיעל אינטערעסאנטע זכיות און פריווילעגיעס, וועלכע בעווייזען דעם גרויסען, כמעט אונבעשרענקטען כח, וואס די רעגירונג גיבט דעם חכם־באשי אין קאנסטאנטינאפעל און מאכט איהם פאר א הערשער איבער אלע יודען אין דער טירקיי.

# ארגעמיינע רונדשוי.

## די פאליטישע לאגע.

אין וויען וועלען זיך דיעזע טעג אנהייבען קאנפערענצען צווישען דער רעגיערונג און די פערטרעטער פון די דייטשען און די טשעכען, כדי צו ערמעגליכען די וויעדעראיינפיהרונג פונ'ם בעהמ'ישען לאנדטאג און פונ'ם עסטרייכישען לאנדטאג. — אבער ווי ווייט מען קען שוין איצט זעהען, וועלען דיעזע קאנפערענצען בלייבען אהן א שום רעזולטאט. ווייל וועדער די טשעכען נאך די דייטשען ווילען עפּיס נאכלאזען פון זייערע פארדערונגען, צו די בעראטהונגען וועלען זיי צוואר קומען, כדי נישט מב'יש צו זיין דעם מיניסטער־פרעזידענט; אבער נאכגעבען וועלען ווי נאר נישט. מען מוז איבערדעם רעכענען מיט דער באלדיגער אויפלעזונג פונ'ם רייכסראטה. — געוויסע פארטייען פאדערן צוואר דורכאויס, אז די איצטיגע רעגיערונג זאל צוריקטרעטען. דעמילט וועט אפשר בעסער ווערען. אבער דאס וועט נאר ווייניג העלפען, אויך פאריגעם יאהר. ווען באראן בעק האט זיך נאך געהאלטען אויף זיין זיץ, האט די אפאזיציע כסדר אזוי געטענה'ט. שפעטער אבער, ווען בעק איז צוריקגעטרעטען זענען פארהאנען געווען דיעזעלבע שוויעריגקייטען וועלכע עקסיסטירען נאך ביז היינט. ווי לאנג ס'וועט נישט צו שטאנדע־קומען עפּיס א אויסגלייך צווישען די דייטשען און טשעכען, וועלען אלע ענדערונגען אין דער רעגיערונג נישט פיהרען צו קיין שום ציעל.

דערווייל אבער פערשארפט זיך דער קאמפף צווישען דיעזע ביידע נאציאנען מיט יעדען טאג מעהר. די טשעכען ווילען דוקא אויך אין געוויסע ניעדערעסטערייכישע שטעדט, ראי"ט וואו זיי וואהנען אין גרעסערע מאסען, גרינדען טשעכישע שולען, סאקאלפעראיינע עטצ. די דייטשען ווילען דאס נאטירליך נישט ערלאזען, ווי האלטען אב געגענדעמאנסטראציעס. ביי וועלכע עס איז שוין עטליכע מאל געקומען צו צוזאמענשטאסע מיט דער פאליציי. — די רעגיערונג איז אין דער גרעסטער פערלעגענהייט; פאר וועמען זי וועט זיך אננעהמען, איז אלץ שלעכט. קוקט זי צו און שווייגט — אבער איהר פאליטיש אנזעהען ווערד דאדורך נישט אים גערינגסטען געשטא־קט.

*

די אונגארישע קריזע האט וויעדער אויפגעלעבט. נאך דער רוהיגער פויזע אין די הייסע זומערטעג הייבט זיך איצט. געראדע ווען די לופט איז א ביסעל קיהלער געווארען, אן א הייסער קאמפף. דער ערשטער און גרעסטער שטרייטער איז וויעדער דער פרעזידענט פון רייכסטאג, יוליאוס יוסטה, וועלכער וויל דוקא קאסוטה'ן ארויסוואוסען פונ'ם בענקיל און בעניצט דאצו די באנק־פראגע. יוסטה וויל דוקא, עס זאל שוין קומענדעם יאהר ערריכטעט ווערען א זעלבסטשטענדיגע אונגארישע נאציאנאל־באנק, וואס זאל מיט דער ביזהעריגע עסטרייכיש־אונגארישער באנק נישט האבען קיין שום שייכות. ער האלט אב פערזאמלונגען, האלט רעדעס און שרייבט ארטיקעל. ער שרייט כסדר: אויב מיר, די אונגארן, וועלען זיין שטארק, וועט די קראנע מוזען נאכגעבען אלע אונזערע פארדערונגען. — פון דער איצטיגער רעגיערונג זענען אבער די מייסטע מיטגליעדער נישט אזוי בעגייסטערט פאר דער זעלבסשטענדיגער באנק. וועקערלע און אנדראסי מיינען אפילו, אז אזא באנק וועט שטארק שאדען דעם אונגארישען קרעדיט אין אויסלאנד און וועט חוץ־לזה פערטייערן דאס געלד אים אינלאנד. איבערדעם זענען זיי דאגעגען. קאסוטה זאגט צוואר, אז ער איז פאר דער זעלבסטשטענדיגער באנק, אבער נאר לפנים; אים הארץ וואלט ער גערן געזעהען, עס זאל אלץ דינג בלייבען ביים אלטען. וויסענדיג אלם רוהיגער און זאכליכער פאליטיקער, אז דיעזער שריט קען רואינירען דעם ווירטהשאפטליכען וואהלשטאנד אים לאנד. נאר ער קען נישט אויפטרעטען אפען קעגען יוסטה'ן מיט זיינע פאנאטישע אנהענגער.

עס איז איבערדעם א זיכערע זאך, אז דאס אונגארישע מיניסטעריום וועט נאך אין דיעזען חודש מוזען צוריקטרעטען, די שאלה איז נאר, ווער ס'וועט איבערנעהמען די רעגיערונג? אזויפיעל איז געווים, אז דער געוועזענער פינאנצמיניסטער לאדיסלויס פון לוקאטש, וועלכער איז פאר צוויי חדשים אויפגעטרעטען אלס פערטרויענסמאן פונ'ם קאיזער און געפרופט פערמיטלען צווישען די פארטייען, וועט אם 17 סעפטעמבער ערשיינען ביים קאיזער אין אודיענץ. דאס איז א סימן, אז זיין אויפגאבע איז נאך נישט ערלעדיגט און ער וועט וויעדער פרובען, ארויסצוגעפונען עפּיס א פלאן, צו לעזען די קריזע. מען רעכענט מיט בעשטימטהייט, אז אויב ס'וועט נישט געלינגען, מיט די איצטיגע פארטייען אויסצוקומען, וועט געבילדעט ווערען א פראוויזאריש מיניסטעריום אונטער לוקאטש, וועלכער וועט פרובען דורכצופיהרען די וואהלרעפארם און דערנאך אויפצולעזען דעם רייכסטאג.

*

אויך סערביען האט פאריגע וואך געהאט אין זיין מיניסטער־קריזע, אים פערגאנגענען ווינטער, ווען דער באלקאן־קאנפליקט וועגען באסניען האט דערגרייכט זיין קריטישען פונקט, איז דאס סערבישע קאבינעט נאוואקאוויטש געבילדעט געווארען, אין וועלכען ס'האבען טהיילגענומען די פערטרעטער פון אלע פארטייען. ס'איז [illegible] אנ'ארט קאנצענטראציאנס־מיניסטעריום, אלע פארטייען האבען זיך פעראייניגט, כדי צו פערטהיידיגען די אינטערעסען פונ'ם פאטער־לאנד. — איצט, נאכדעם ווי די קריזע איז געענדיגט און דאס לאנד האט זיך וויעדער בערוהיגט, הייבען זיך אן אויפ'ס נייע די אינטריגעס פון די פערשיעדענע פארטייען. איינע געגען דער אנדערער, [illegible] וויל אליין זיצען ביים רעגיערונגסטיש און געניעסען אלע בעקוועמליכקייטען... דער ערשטער איז געוועזען דער יוסטיצמיניסטער ריבאראטש. וואס האט איבערגעבן זיין דעמיסיע. איהם האבען געוואלט נאכטהון נאך עטליכע קאלעגען און קעניג פעטער איז וויעדער געווען אין א גרויסען קלאפאט... ס'האט שוין געהאלטען דאביי. דער אלטער אינטריגאנט פאסיטש זאל ווערען מיניסטער־פרעזידענט... ערשט די מורא, פאסיטש זאל נישט בעקומען די בייטש אין זיינע הענד, האט פעראנלאסט די איבריגע פארטייען, זיך דערווייל וויעדער איבערצובעטען און דאס אלטע מיניסטעריום איז געבליעבען ווייטער אים אמט.

דער אבגעדאנקטע קראנפרינץ געארג זיצט די גאנצע צייט אין בעלגראד און וויל זיך נישט ריהרען פונ'ם ארט. ער האט זיך שוין דארט געבילדעט א פארטיי, וואס בעהויפטעט, אז זיין אבדאנקונג איז נישט געזעצליך און ער ברויכט וויעדער בעקומען זיינע רעכטע. ס'קען זיין, אז מיט דער צייט וועלען דארט, אין סערביען, נאך פארקומען צרות מיט דעם עקס־קראנפרינץ.

*

אין גריעכענלאנד איז די קריזע דערווייל געענדיגט. דער קעניג האט נאכגעגעבען אלע פארדערונגען פון דעם מיליטער, דער קראנפרינץ האט אניעדערגעלעגט דאס אבערקאמאנדא פונ'ם מיליטער און אויך די איבריגע פרינצען זענען אויסגעטרעטען פונ'ם מיליטער. ס'איז דע־ווייל וויעדער שטיל געווארען. אויב אויף לאנג. — איז אנ'אנדערע פראגע.

ווי ווייט דער קעניג אליין גלייבט נישט אין זיין פערבלייבען אין לאנד. בעווייזט דער פאקט, אז דער קעניג קלויבט זיך מיט זיין פאמיליע ארויספאהרען קיין אויסלאנד — אפשר שלא על מנת לחזור...

*

פון כינא קומען ידיעות וועגען א העכסט וויכטיגען פאליטישען אבמאך צווישען כינא און יאפאן, לויט וועלכען יאפאן איבערנעמט אנ'ארט פאליטיש פראטעקטאראט איבער כינא און וועט דא־רט רעפארמירען דאס מיליטער, די פאליטישע פערוואלטונג און דעם דיפלאמאטישען דיענסט. — אויב דיעזע ידיעות וועלען זיך בעשטעטיגען, וועט דאס זיין דאס וויכטיגסטע פאליטישע עראייגנים פון פון דער לעצטער צייט. יאפאן און כינא צוזאמען וועלען בילדען א מאכט, פאר וועלכער אויך די אייראפעאישע מלוכות וועלען מוזען דרך־ארץ האבען...

*

דער צאר און די צארין וועלען אם 22 סעפטעמבער ארויספאהרען פון ליוואדיא צום בעזוך פון איטאליענישען קעניגס־פאאר. די בעגעגעניש וועט פארקומען אים האפען פון מעסינא אדער אין בארי. אויף דעם וועג דארטהין וועט אויך פארקומען די בעגעגעניש צווישען דעם צאר און דעם סולטאן מוהאמעד דער פינפטער.

---

## פון נאהנט און ווייט.

— עס איז בעוואוסט ווי גיך עס ווערען געבאקען נט'ן אין אמעריקא, וואו עס עקזיסטירען „ראמען־רעכט". יעצט דערצעהלען די צייטונגען וועגען א גראטען־ווייבעל, וואס האט בעוויזען אין א קורצע צייט צו האבען 6 מאנען, און יעצט האלט זי שוין ביים 7־טען. איהר נאמען איז ניט לאנג: גראציע קאסין־קאסין־וואלקער־קאסין־לייטמאן־לעוו. זי איז א טאכטער פון א מיליאנער און איז 40 יאהר אלט. דעם ערשטען מאל האט זי געהייראטעט מיט איינעם קאסין. א קורצע צייט שפעטער האט זי פערלאנגט נט, ווייל „זי איז ניט איינשטימיג מיט'ן מאנ'ס כאראקטער". נאכ'ן נט האט זי געלעבט איינינע צייט אליין, זי האט זיך אבער באלד מישב געווען, אז אויב מיט א מאן איז שווער, איז אהן א מאן נאך ערגער, און האט געשיקט נאך — קאסין און האט מיט איהם צום אנדער מאל געהייראטעט. באלד האט זי אבער זיך בעקענט אין א האטעל מיט א קעלנער. וואלקער, אין וועלכען זי האט ענטדעקט א טאלאנט צום זינגען. קורץ: א נט דעם הערדען קאסין און דאס ווייבעל הייסט שוין — וואלקער; לאנג האט אבער דער מאל דאס נט'ן ניט געדויערט. ווייל גראציע האט זיך מישב געוועזען שרייבען א ראמאן און דער פראסטער וואלקער איז געווארען איינפערזיכטיג אויף איהרע העלדען. ווידער א נט, און גראציע דערמאנט זיך אן איהר אלטע ליבע — קאסין, זי זוכט אויף איהר צוויי מאל געוועזענעם „טייערן" קאסין און — אונטער דער חופה! דאס מאל איז אבער קאסין א מאנאט נאך דער חתונה ענטלאפען. האט אבער גראציע הצלחה צו האטעל־משרתים, נעהמט זי און פערליבט זיך אין א האטעל־משרת לייטמאן און ווערט אין א גליקליכע שעה מאדאם לייטמאן. אין צוויי יאהר צייט איבערצייגט זי זיך אבער אז לייטמאן איז א גרויזאמער מענש, און זי פערלאנגט און בעקומט א נט. יעצט ווידער איז זי שוין בעקאנט מיט זשורנאליסטען, און זי האט טאקי געפונען א זשורנאליסט, וועלכער האט געוואלט פרובען מיט איהר זיין גליק. אין א מולדיגע שעה איז גראציע געווא־ען „מאדאם לעוו". און צוויי יאהר צייט דערנעהט זי ווידער, אז לעוו איז אויך גרויזאם און האפט און נט זיך מיט איהם. יעצט וויל זי שוין צום זיבעטע מאל חתונה האבען און זוכט טאקע צוריק... דעם ערשטען קאסין.

— די ארויסגעבער פון גראף טאלסטאי'ס ווערק האבען געקראגען א בעריכט פון טאקיא, אז די יאפאנעזישע רעגיערונג האט פערבאטען גראף טאלסטאי'ס ביכער אריינצוקומען אין יאפאן. די ביכער וואס זענען אין יאפאן געפונען געווארען האט מען פערב־ענט. די רעגיערונג ערקלערט אז די שריפטען פון גראף טאלסטאי זענען געפעהרליך פאר יונגע לייט צו לעזען.

# אים הארעם פונ'ם סולטאן.

## אריגינאל־ראמאן פון דער יונגסטער צייט.

(דריטע פארטזעצונג *).

די אונגליקליכע אננא ווייסט נאָך נישט, ווער דער דאקטאר איז און פאר וואס ער איז אזוי פריינדליך צו איהר.

זי ליענט אין בעט אוןווארט געדולדיג. ס'זאל שוין ווערען נאכט, זי זאל קענען אויפשטעהן און פאהרען א היים צו איה'ע געליעבטע עלטערן.

* * *

אין דער זעלבער צייט אבער, ווען אננא ווארט מיט אונגעדולד אויף דעם אונטערגאנג פון דער זון, זענען אין דעמזעלבען הויז, נאר אין אן־אנדערען צימער אויף דעם צווייטען שטאק, געזעסען עטליכע פערשוינען, און האבען אויך געווארט די זון זאל שוין אונטערגעהן, כדי זיי זאלען קענען אנהייבען זייער „ארבייט", וועלכע ראַ'ה נישט זעהן די שיין פון דעם לעכטיגען טאג.

די פערשוינען זענען אונזערע בעקאנטע: טאמאשעווסקי. דר. רוי[illegible]. די מוהמע יענטע, די יונגע פרוי וואס בעדיענט אננא און נאך צוויי פ־עמדע מענער.

— הכלל. וואס וועט זיין — פרעגט טאמאשעווסקי — מיינסטו, אז אונזער איינגעשפארטע יפה־פיה וועט שוין קענען היינט פאהרען?...

— [illegible] — ענטפערט דר. רוישער — די זאלבען דאבען גוט געהאלפען, איהר הויט איז שוין גלאט ווי פריהער, אין צוויי דריי טעג וועט שוין קיין סימן נישט זיין פון דער בייטש...

— איך ווייס אבער נישט, אויב די גאנצע שפעקולאציע וועט עפּיס העלפען — זאגט די מיהמע יענטע — די קליינע איז איינגעשפארט, זי וועט מאכען אזעלכע געוואלדעס אויף דער באהן, אז ס'קען זיך נאך אריינמישען די פאליציי...

— דאפאר האב איך קיין מורא נישט — זאגט דר. רוישער — איך אליין וועל זי בעגלייטען, וועט זי שוין זיין זיכער, אז זי פאה־ט אהיים צו איהרע עלטערן. אויף דער סטאנציע וועל איך מיר שוין בעזארגען א סעפעראט קופע, וועל זי איינשלעפערן און אזוי וועט זי פאהרען ביז קיין אדעס... דארט אבער, ביים אויפשטייגען אויף'ן שיף וועלען שוין אונזערע לייט דאפאר זארגען. זי זאל בשלום אריין־קומען אין איהר קאבינע און דערנאך וועט זי שוין מעגען שרייען חי־וקים...

— איך ווייס גאר נישט, וואס שלמה אילט זיך דארט אזוי שטא־ק — זאגט טאמאשעווסקי — וועסט ביי איהם קענען נעהמען א גוטע אפותיקא פאר דער סחורה... ס'צאהלט זיך אונז נישט אויס. צו פיה־ען איינע אליין...

— ער האט דאך בפירוש געשריעבען, אז וועגען געלד ברויכט מען איצט נישט צו קלע־ען. עס האנדעלט זיך וועגען א וויכטיגער זאך. איינע פון דעם סולטאן'ס דאמען, וועלכע פיה־ען איהם פאר פרישע מיידלעך, כדי צו דער־האלטען זיין גונסט, ברויך נויטהיג פרישע סחורה, כדי צו בעזיעגען איהר קאנקורענטין. אין גאנץ קאנ־סטאנטינאפעל אבער האט זי נישט געפונען פאסענדע פאר זיך. פערלאנגט זי, מען זאל א־אפּברענגען פרישע, עס מעג קאסטען, וויפיעל ס'וויל...

— נו, נו, וועלען מיר זעהן, וואס שלמה וועט געבען — ברומט טאמא־שעווסקי — ער זיצט זיך דא־ט רוהיג אין קאנסטאנטינאפעל און מיר מוזען א־ומ־יאגען אויף דער וועלט און אנשטרענגען די כוחות, ווי אזוי די מיידליך צו פער־דרעהען די קעפ. נישט איינמאל איז מען איינגעשטעלט מיט'ן לעבען און מיט אלעם, וואס מען פערמאגט — לסוף נעמט ער דא־ט די העכסטע פרייזען און פון אונז שינדט ער די הויט... אבער דאסמאל טאר מען די זאך נישט אבלאזען אזוי גרינג — ער וועט מוזען צאהלען און צאהלען פאר אלע ביזהעריגע.

— איך וועל דארט זיין, וועל איך זעהען, וואס מיר האבען צו טהון — ענטפערט דר. רוישער — איצט אבער מוז איך שוין אריבער געהן צו מיין „קראנקער", זעהן וואס זי טהוט...

— ווי געפעלסט דו דיר אין דער נייער ראלע אלס דאקטא־ — לאכט טאמאשעווסקי — ווען אננא זאל וויסען, אז דו הייסט אויף פראסטע יודיש חיים מא־קאוויטש און וואלסט בעסער געטויגט צו זיין א שוסטער ווי א דאקטא־...

— ס'וואלט געווען דאסזעלבע, — ענטפערט מארקאוויטש — ווי ווען זי זאל וויסען, אז דו הייסט פראסטע ראובן פיינמאן און ביזט קיינמאל נישט געוועזען קיין פאדריאטשעק...

— וואס טויגען אונז די מעשיות — האקט זיי איבער איינער פון די פרעמדע פערשוינען — עפּ־ס מאכט איהר מיט דעם שטיקעל סחורה מעהר חכמות ווי מיט יעדער אנדערער... זי מוז טאקי זיין א פיינע זאך...

— פאסט זי איבערדעם טאקי גוט פאר סולטאן'ם הארעם — זאגט די מוהמע יענטע — אונזער פיינמאן איז אפילו איהר געוועזען אין אמת'ן פארקאכט. כ'האב איהם ערשט געמוזט בעטען, ער זאל זי חבר מאכען מיט דער בייטש...

— ס'ווערט שפעט — זאגט חיים מארקאוויטש — איך געה.

די חברה געזעגענט זיך אב און יעדער נעמט זיך זיין וועג.

---

### פינפטעס קאפיטעל.

## אויף'ן שיף קיין קאנסטאנטינאפעל.

דער טאג האט זיך שנעל געענדיגט און באלד איז די זון אונטערגעגאנגען. אננא האט היינט בעגריסט דאס טונקעל־ווערען מיט גרויס פרייד.

געגען אבענד ערשיינט ווידער דער דאקטאר רוישער. ער אונטערזוכט זי נאכ־אמאל און ערקלערט, אז זי איז שוין פאלקומען געהיילט און וועט קענען פאהרען.

— טהוט אייך אן, ליעבעס קינד — זאגט ער — באלד ברענגט מען אייך נאכטמאל. 9 א זייגער אבענד וועלען מיר ארויספאהרען פון דאנען. אונזער שטאדט האט קיין פערבינדונג מיט דער באהן. איהר וועט מוזען פאהרע איבער צוויי שטונדען פער וואגען ביז צו דער נאהענסטער שטאציע. איך וועל אייך אליין בעגלייטען ביז דארטהין.

טאקי באלד איז אריינגעקומען די יונגע פרוי, וואס האט זי די גאנצע צייט בעדיענט, און איהר געברענגט א קרעפטיג נאכטמאהל, וועלכעס אננא פע־צעה־ט מיט גרויס אפעטיט.

זי צעהלט די מינוטען אויף'ן זייגער. האלב 9 שטעהט זי אויף, קליידעט זיך אן און הילט זיך איין אין דעם לאנגען מאנטעל, אין וועלכען זי איז ערשט פאר עטליכע טעג אנטלאפען פון איהרע עלטערן.

פונקט 9 א זייגער קומט דר. רוישער און זאגט: — דער וואגען שטעהט שוין גרייט. קומט, מיר וועלען פאהרען.

אננא ווארפט נאך א בליק איבער'ן צימער, און געהט מיט שנעלע שריט ארויס. אין דרויסען איז שטאק־פינסטער. אין הויף שטעהט א געשלאסענער וואגען, אין וועלכען זי שטייגט איין: נעבען איהר זעצט זיך דר. רוישער, דער קוטשער טרייבט אן די פערד און באלד פאהרען זיי אין גרעסטען גאלאפ.

וואלט נישט אזוי פינסטער געוועזען, וואלט אפשר אננא געוועזען דערקענט, אז זי פאהרט ארויס פון דעמזעלבען הויף, אין וועלכען זי איז מיט עטליכע טעג צוריק אנגעקומען.

אבער די פינסטערניש האט בעדעקט דאס געהיימניס מיט איהרע שווארצע פליגעל און אננא איז ווייטער געוועזען זיכער, אז זי פאהרט א היים.

אויף דעם גאנצען וועג איז דר. רוישער געזעסען שטיל, אין ווינקעל פון דער קוטשע, גלייך [illegible] שלאפט. אננא איז אויך געזעסען שטיל, פערטיעפט אין מחשבות...

— וואס וועלען מיינע עלטערן זאגען? — קלערט זי ביי זיך — ווען איך וועל א היים־קומען? — ווער ווייסט, וואס מיט זיי איז געשעהען...

זי נעמט זיך פאר, פון איצט אן צו זיין א טרייע יודישע טאכטער און דורך איהר ליעבע צו די עלטערן ווידער גוט צו מאכען איהר פעהלער.

בערך 2 שעה דויערט די נסיעה. פלוצים בלייבט דער פיאקער שטעהען נעבען א העל־בעלייכטעטער באהנסטאציע.

דר. רוישער שפ־ינגט אראב און לויפט צו דער קאסע. באלד, נאך איידער אננא שטייגט אב פון דער קוטשע, איז ער שוין דא מיט צוויי בילעטען אין דער האנד.

— קום, ליעבעס קינד, מיר וועלען גל[illegible]ך א[illegible]נשט[illegible]נען. דער פאיעזד פאהרט תיכף. שיער נישט פערשפעטיגט.

אננא האט קוים צייט, זיך אומצוקוקען. באלד געפונען זיי זיך אין א סעפעראט קופע ע־שטע קלאס, וועלכעס דער קאנדוקטאר שליעסט הינטער זיי צו.

באלד זעצט זיך דער צוג אין בעוועגונג און פאה־ט א־ויס אין דער פינסטערער נאכט.

ביסלעכווייז פערשווינדען פאר אננא די לאמטע־נס פון דער סטאנציע. ארום איהר איז פינסטער. בלויז דער לאמפ פון קופע בעלייכטעט א ביסעל די פינסטערניש...

— איהר זענד מיעד! — זאגט דער דר. רוישער פריינדליך — איך האב מיטגענומען א פלעשיל גוטען וויין. טרינקט, אפשר וועט איהר אביסעל קענען שלאפען.

אננא ווייגערט זיך אביסעל. אבער דר. רוישער רעדט איהר צו זאגענדיג:

— איהר זענד נאך א פאציענטין און מוזט פאלגען דעם דאקטאר...

אננא טרינקט עטליכע שלוק פון דעם גלעזיל, וואס דר. רוישער רייכט איהר. דער וויין שמעקט איהר זעהר גוט. זי זעצט זיך א ניעדער אין ווינקעל און ווערד באלד אנטשלאפען.

(פארטזעצונג קומט).

---

*) נייע אבאנענטען ערהאלטען די פריהערינע פארטזעצונגען אויף פערלאנגען גראטיס צוגעשיקט.

# א חזן אהן אן עמוד.

(געריכט אין פראזא).

פון מאררים ראזענפעלד.

עס איז נאך א פּאר טעג צו די ערשטע סליחות, דאך איך בין שוין פערטיג מיט'ן ראש השנה'דיגען מוסף...

איך האב שוין אבגעזאגט און אבגעוויינט אויך.

און לעבען וועל איך דעם בעל־תפלה נישט פער־געסען. און קיינער פון זיינע הערער וועלען איהם נישט פערגעסען.

אהן א כאהר האט ער געזונגען; אהן א עמוד פאר יאט געשטאנען. קיין מחוור פאר זיך נישט געהאלטען.

די תפלות זענען ווי פייערדיגע פיינעליך צום הימעל געפלוינען, וועלטען געוועקט. די מלאכים זייערע פלינעל געסמאליעט.

גאט, וואס פאר א זאנעכץ!

מעהר פון אלץ. איך האב קיין בילעט נישט גע־דאַרפט. אונגעשטעפּט האָב איך מיין „שטאט" פערנומען. דער גאנצער עולם איז כמעט אנ'אומזיסטער געוועזען. מען האט געגעבען א מטבע און געגוג.

אָבער געוויינט האבען אלע גלייך.

קיינער האט אין סטענדער נישט געקלאפּט עס זאל שטיל זיין אין „עזרת נשים"; עס וואלט געוועזען אימ־ויסט סיי־ווי־סיי.

די ווייבער האבען געיאמערט.

ווי שופרות האבען זיך זייערע זיפצען דורך דער לופט געצויגען; ווי תקיעות — זייערע טיעפע שלוכצען. ווי שברים־תרועות האבען די תחנונים דאס האַרץ צו־בּראָכען.

אפילו די וואלקען האבען געוויינט...

און דער זעלטענער שליח צבור האט נישט אויפ־געהערט זיין אמת יודישען „שטיינער" פול מיט די מע־לאנכאלישע מתיקות פון דעם אלטען דור דעם פרומען, וועלכער איז שוין איצט נישט מעהר ווי אנ'ערינערונג.

און נישט נור איז אונזער פּאַרבעטער געוועזען א חזן אהן א עמוד, נאר אויך א חזן אהן א שוהל.

דער נאַקעטער הויף, אונזער נאַטירליכע חופה, האט איהם אלס „מקום־קדוש" געדיענט און מיט אַנ'אפע־נעם, פרייען פנים, נישט אריבערגערעקט מיט קיין טלית, האט ער דער שכינה, דער גאנצער וועלט גלייך אין פנים געקוקט...

עס איז דאכט זיך א ליכטיגער טאג געוועזען, די זון האט געשיינט. דאך ווען ער האט אויסגעציטערט „אדם יסודו מעפר וסופו לעפר", האט זיך דאס הימעל־שע אויג פערדונקעלט; אן אויפרעגונג איז אין דער הויך געוואָרען און אין דער טיעפער בלויקייט האבען זיך גרויע, אומעטיגע כלעקען בעוויזען...

זיי זענען אפשר געוועזען פון פריהער, נאר איך האב זיי נישט בעטראכט.

דער צווילינג עלענדע יתומים: די צוויי גרינגע בּוימער, וואס זענען ואנסט שטיל און פערקלערט ביי אונז אין הויף געשטאנען, האבען זיך פלוצלינג וויגען אנגע־פאנגען, פונקט ווי געריהרט פון בעל מוסף'ס טיעף דורכ־געפיהלטען יודישען נוסח.

איך האב שוין פערשיעדענע אָרימע לייט ביי אונז אין הויף געהערט און געזעהען. זיי האבען שוין זייער גויט און חרפּה אויף אללערהאנד אינסטרומענטען גע־שפּיעלט, אויף פידלען, הארטען, קאטערינקעס, הארמאָ־ניקעס און פּייפעריך, האב נאך אבער קיינמאל קיין זילבערדיגען בלינדען יודען, אין די יודישע הויפען, נישט געהערט, קרעכצענדיג די הייליגע תפלות פון ימים נוראים.

דאס איז דער ארימקייט'ס נייעסטער אויפטהו.

איך האב שוין געזעהען ווי דער דלות האט אויס־געלערנט בּארוועסע פיס פאנטאזירען אויף א צימבעל; איך האב שוין געזעהען ווי א גרייז גרויער ניגער האָט זיין אמאליגע שקלאפערײ׳ און איצטיגע עלענד געזונגען מיט פערשמאכטע ליפען און אויף א פייקעל געקלאפּט...

איך האב געזעהען צוויי בליהענדע ציגיינערינס. קאנצער־טירענדיג אויף א טאמבורין, צופליצענדיג מיט די שווארצע, פייערדיגע גיהנום־אויגען און צולייכטענדיג מיט די ווייסע, רייצענדע צייהן, ווארטענדיג מען זאל זיי ווארפען א גראָ־שען; איך האב געהערט אנ'אלטע, מאגערע, אירישע פרוי מיט ביינערנע הענד זיך פרייענדיג אויף א פיעדעל מיט איהר אייער־לאנד און זינגענדיג אין שארפע אקצענטען דעם פאטהעטישען ליעד פון אייערלאנד'ס ליעבלינגס בּלימעל „שעמ־אק"; איך האב געהערט ווי גאלדפאדען'ס „שבת יום טוב און ראש חודש" האט גע'נוסט אין אנ'אלטע פיעדעל אין א שווינדזיכטיגען כלי־זמר אויף א בּרודיגען הויף פון שניידער שעפער...

אה, איך האב אלך געהערט און געזעהען, דאך קיינמאל נישט געהערט און נישט געזעהען אן אלטען סגי נהור, גלאצענדיג די אויסגעלאָשענע אויגען מיט ראש השנה'דיגע תפלות צווישען דעם דומפּטען חלל פון ניו־יורקער טענעמענטס.

דאס איז געוועזען פונקט האלבער טאג.

אלע זענען מיר בעקוועם ביים טיש געזעסען און מיטאג געגעסען. ווען פלוצלינג זענען די הענד מיט די עס־געשיר אין זיי געבליבען אויפ'ן טיש־טוך. אדער אין דער הויך. מען האט זיך פערטראכט. א ווייניגער ימים נוראים־נגון האט זיך דערהערט דורכ'ן פענסטער. וואס פיהרט צום הויף און אלץ איז שטיל געוואָרען.

עס האט געפלאטערט אנ'אלטע, הייזעריגליכע שטימע דורכגעשטרייפט אלע ווילע מיט א זיסען, דינעם, זיידענעם קול־כיל פון א קינד.

— „הנשמה לך" האט דאס געקלונגען מיט א דורכדרינגענדען יודישען וועהטאג און האט אונז אלעמען אין שטוב צונומען. — „והגוף שלך" — האט ער ווייטער געקרעכצט — „חוסה על עמלך"...

דער אלטער האט זיך צוכליפעט און מיט איהם דער גאנצער עולם...

מיר זענען נישט געוועזען די ערשטע און איינציגע, וואס זענען צוגעלאפען צים פענסטער אין מיטען עסען. ווער מיט א לעפעל, ווער מיט א גאפעל און ווער מיט א מעסער אין האנד. אנדערע האבען נאך נישט געהאט ארונטערגעשלונגען זייערע ביסענס און האבען זיי נאך געהאלטען רוהיג אין מויל. נישט בעוועגענדיג מיט די באקען, די, וואס וואָהנען אונטען, זענען אין הויף אריינגעלאפען.

א זקן, מיט ווייסע האר, ווי מילך, מיט א בכבוד'ע, שנעע־קלאָרע באָרד, הויך און שלאנק — איז געשטאנען אנגעשפּאַרט אן א שטעקען, האלטענדיג די ביסטרע אויגען אין דער הויך, איז ער „פערנאנגען" אין רעציטאטיווען, וועלכע א קליינער. בלייכער יונגעלע האט אונטערגעכאפּט מיט א קלינגענדען ביי־קול.

נישט צו אלעמען האט זיין מינאָרנער. טרויעריגער „זאָגען" געערט. יונגע יודיש־אמעריקאנישע קינדער האבען איהם אנגעקוקט מיט א שמייכעל... א שיינער האט אראָפּגעווארפען אויפ'ן אלטען א שטיקעל ארנאוש־שאָ־לעכין, אבער דער בלינדער בעל־תפילה האט נישט אויפ־געהערט זיינע רחמנות'דיגע געזאנגען, וואס האבען זיך אָפּגעשלאָגען אן די קאלטע שטיינערנע ווענט פון די מויערען.

ווען ער האט אָנגעהויבען צו זאָגען „ונתנה תוקף" האט מען גענומען ווארפען מטבעות פון אלע זייטען, וועלכע דער קליינער משורר האט אויפגעהויבען. דער אלטער אָבער האט זיך ניט איינגעהערט צום קאלטען קלאנג פון ערדישען מעטאל און געטהון דאס זייניגע.

די נדבות, זעהט זיך, האט בלויז זיין גויט גע־נומען; ער אליין האט „געדאווענט" אומזיסט...

די עלטערע פ־ויען האבען געשאקעלט מיט די קעפּ און געווישט די טרעהרען, אבער דאס יונג־וואָרג, וואס איז געקומען פון די פאבריקען און געשעפטען אריינשלינגען זייער מאהלצייט, — זיי האבען אין דער גלות־סצענע קיין אינטערעס נישט געפונען. זיי זענען צוגעלאָפען צום פענסטער און באלד פערשוואונדען...

זיי פערשטעהען נישט קיין לשון קודש. קענען נישט דעם יוד און זענען פרעמד אין זיינע געבעטען.

— דאס איז א חוצפה — האט מיין פרומער שכן פלוצלינג אויסגעשריען — א ביטערע חוצפה צו זינגען „ונתנה תוקף" אין א „הויף"; אנ'אלטער יוד זאל בעטען אזא חילול השם!

— הונגער און גלות, מיין פריינד — האב איך געזאגט — הונגער און גלות צווינגען איהם דערצו. בעסער זינגען „ונתנה תוקף" אין די גאסען איידער גנב'ע־נען, פערגעסט נישט. או דער „ונתנה תוקף" האט א „מי יחיה", אט אויף דעם „מי יחיה" ווייגט די גאנצע מענשהייט אויס'ן גאס און אין הויז, אויף ים און אויף יבשה.

א נשמה אנגעפילט מיט די פלאמענדע אקאָרדען פון כל נדרי וועט קיינמאל נישט פערגעסען, אז זי איז א יודישע; אין דער הימעלשער אפערא פון דער מוסף־דיגער שמונה עשרה, צווישען „מלכיות זכרונות און שופרות" טאנצט מען נישט קיין טאלאמע טענץ, די ליעבע ליעדער צו דער שכינה בעגייסטערען נישט צו מארד אוים אייפערזוכט...

— אבער הייליגע ווערטער אין דרויסען! — האט מיין שכן זיך שרעקליך געערגערט.

— וואס דען? טרפה ווערטער ווילט איהר? — האב איך אויסגעשריען — קאָפּ „טרפה" איז דאס גאנצע לאנד? קאָפּ טרפה דאס לעבען; דער גאנצער ווילדער, אונמענשליכער געטומעל? אה, לאזט איהם! לאזט איהם דעם בלינדען אביון, זינגען א יודיש ווארט אין די הויפען! עס וועט אוועק נאך א דור און מען וועט דאס דא מעהר נישט הערען...

מיין שכן האט א מאך געטהון מיט'ן האנד האלב אונצופריעדען; אראָפּגעוואָרפען א מטבע און איז אוועק...

איך בין אָבער געשטאנען אין פענסטער און גע־קוקט. מיין אויער האט געזוכט דעם אומעט פון די הייליגע מעלאָדיען און מיין בליק האט געוואנדערט צווי־שען די בלינדע אויגען, די ווייסע באָרד און דעם שוואַר־צען שטעקען.

איך האב זיך דערמאנט אן דאס גאנצע יודישע פאלק, וואס איז א חזן אהן אנ'עמוד... (פ—ס).

# קראקאווער טהעאטער.

צוויי פוילישע טהעאטער זענען פאַרהאנען אין קראקא, דאס „טהעאטער מיעסקי", דאס איינענטליכע הויפּט־טהעאטער, און דאס „טהעאטער לודאָווע", דאס פּאָפּולערע פאלקס־טהעאטער.

געוועהנליך שטעהט דאס הויפּט־טהעאטער אויף א געוויסער א־טיסטישער און ליטעראַרישער העהע, וועהרענד דאס פאָלקסטהעאטער איז בעשטימט פאַר די ב־ייטע מאַסען פונ'ם פאלק. פאַר וועלכע מען גיבּט לייכטע שטיקער, קאמעדיעס, אָפּערעטקעס, וואָדעווילס וכדומה.

ביי אונז אין קראקא איז אבער פערקעהרט. דאס הויפּטטעאַטער איז שטאַרק פערנאַכלעסיגט, מען שפּילט אלעסדינג בּלויז אבי אָבצוקומען די פארשטעלונג. אזוי אז אפילו בעזוכער פון דער פראווינץ מאַכען חווק פון דער ע ר ש ט ע ר קראקויער ביהנע.

דאגעגען שטעהט דאס טהעאטער לודאָווי, בעז־ונדערס זייט דעם דער טיכטיגע און ריהריגע ארטיסט ה' עדמונד ר י נ י ע ר האט איבּערגענומען די דירעקציע, אויף א געוויסער ליטעראַרישער און קינסטלערישער העהע, וועלכע ערייכט די בעוואונדערונג פון אלע בעזוכער. זאוואהל דער דירעקטאָר ווי דאס גאנצע ענזעמבל געבען זיך די גרעסטע מיהע, אויפצופיהרען די בעסטע שטיקע אין אַרטיסטישער פילקומענהייט. אזוי אז יעדער אבענד איז „טהעאטער לודאָווי" איז א קינסטלערישער גענוס פאַר די בעזוכער.

ס'איז באמת א שאָד, וואס די ערנסטע בעשטרע־בונגען פונ'ם דירעקטאָר ריניער געפונען אזוי ווייניג אנערקענונג ביים פּובּליקום. ס'וואלט כדאי געווען, דאס קראַקויער פּובליקום זאָל עפטערס בעזוכען די ביהנע און דער ראַיסקא־גאַס און עס וועט זיך איבּערצייגען, ווי אזוי א טהעאטער בעדאַרף אויסזעהען און ווי אזוי מען דאַרף שפּיעלען ערנסטע שטיקע. (X)

„די הבדלה" נו׳ 5 ערשיינט קומענדע וואך.

# א רייזע קיין ארץ־ישראל

די „יודישע אילוסטרירטע צייטונג“, וועלכע האט אין דער קורצען צייט פון איהר בעשטעהען געוואונען אזוי פיעל פריינד און אנהענגער צווישען יודישען לעזע־פובליקום, וויל אויסדריקען איהר דאנקבארקייט פאר דיעזע אנהענגליכקייט, שרייבט זי אויס אלס א בעזונדערע פרעמיע פאר איהרע יעהרליכע אבאנענטען

# א בחנם׳דיגע רייזע קיין ארץ ישראל און צוריק.

דאס רעכט אויף דיעזער פרעמיע האבען אבאנענטען, וואס אבאנירען דאס בלאט דירעקט ביי דער אדמיניסטראציע אויף א גאנץ יאהר און צאהלען איין דעם פולען אבאנע־מענטס־פרייז.

יעדער פון דיעזע אבאנענטען בעקומט א לאז מיט א נומער, אין א בעשטימטען דאטום, וועלכעס וועט שפעטער בעקאנטגעגעבען ווערען, וועט שטאטפינדען א ציהונג, און וועמעס לאז ס׳וועט געוואונען, דער וועט בעקומען בחנם א

## רייזע־קארטע קיין ארץ־ישראל און צוריק פון זיין וואהנארט אויס.

די פערלאזונג וועט געשעהען עפענטליך, אונטער טהייל־נאהמע פון בעקאנטע יודישע פערזענליכקייטען. יעדער אבאנענט וועט אויך האבען דאס רעכט, צו זיין אנוועזענד ביי דער ציהונג.

דאס רעכט אויף די לאזע האבען אויך די ביזהעריגע יעהרליכע אבאנענטען. דיעיעניגע, וואס האבען דאס בלאט אבאנירט בלויז אויף א פיערטעל אדער א האלב יאהר, קענען איצט צוצאהלען דעם רעשט און זיי וועלען עבענפאלס בעקו־מען דאס רעכט אויף טהיילנאהמע אין דער פערלאזונג.

די רעדאקציע.

## די פערלאזונג וועט פארקומען יום א׳ ב׳ דחול־המועד סוכות, 4 א זייגער נאכמיטאג אין קראקא, גראדגאססע 62.

---

Im Verlage von **F. Simon, Berlin W. 62**

Abteilung brieflicher Unterricht in Buchführung. Kontor-Praxis. Schönschrift. Rechnen. Prospekt und Probelektion gratis. Ferdinand Simon, gerichtl. Bücherrevisor, BERLIN W. 62, Lutherstr. 4. Mein Buchhalter-Diplom bessert Ihre Stellung!

sind erschienen und a **25 Pf.** zu beziehen:

**12 Hefte von Simon's kaufmännischer Universal-Bibliothek**

1. Das Wesen der Buchführung speziell des amerikanisch. Systems
2. Praktische Rechenvorteile
3. Das Geheimbuch und die Detailgeschäftskontrolle (Umwandlung der einfachen Buchführung in die doppelte)
4. Stellenbewerbungs-Korrespondenz mit vielen Bewerbungsbriefen
5. Privat-Buchführung für Chef, Kommis und Lehrling
6. Briefschreibekunst
7.}
8.} Markt-Berichte und Erklärung der Warenbörse
9.}
10.} Prozesskunde mit Formularen (1 und 2 Teil)
11. Verjährung
12. Hypothekenwesen.

**Jedes Heft 25 Pfg.**
und inklusive Porto 28 Pfg. — 34 h. — 17 Kop

**Wechselwesen und Wechselrecht**
einfach und übersichtlich 75 Pfg.

**Die einfachste Buchführung**
für die speziellen Bedürfnisse des Kleinhandels bearbeitet vom gerichtlichen Bücherrevisor **Ferdinand Simon.** Das praktischste Buch dieser Art. Preis nur 1 M.

**Kalkulations-Wesen**
Separat-Abdruck aus meinem Buche »Gründliche Unterweisung« 1 M.

**Bankier u. seine Kundschaft 1,50 M.**
(Erklärung der Diskont-, Devisen-, Börsengeschäfte etc.)

Der Versand erfolgt franko, gegen Voreinsendung des Betrages und 20 Pfg. für Porto vom Verlag:

**F. Simon, Berlin W. 62.**

---

**Spezial-Verkehr nach Süd-Russland.**
**N. Katzner, Spedition u. Kommission**
Podwoloczyska, Woloczysk, Brody und Radziwilow
Feste Durchfrachten von und nach Russland.
Export von Holzwolle, Eierkistenbrettern u. Sensenwetzsteinen
**Steinkohlen, Antracit und Koks.**
Tee in Originalpaketten mit kais. russ. Konsebanderolle.

**Tylko tą marką ochronną**

PASTA A.B.C.
MARKA OCHRONNA
NAJLEPSZY ŚRODEK DO CZYSZCZENIA OBUWIA
Z FABRYKI CHEMICZNEJ W NOWYM SĄCZU.
Galicyjski Pudełko
wystawie w Paryżu 1908

**uznana za najlepszą**

---

## פרייזווערטעסטעס לאז

ציהונג אם 1 אקטאבער

**Frs. 300.000** הויפטטרעפפער

ביעטען

## טירקענלאזע

6 ציהונגען יעהרליך מיט הויפטטרעפפערן פאן פרנק 600.000 — 300.000 עטצ. קליינסטען טרעפפער פרנק 240 = ק. 228 דאהער איין מיט געווין פערבינדען.

אך ערלאססע טירקענלאזע געגען בא־צאהלונג נאך דעם טאגעסקורס; וויטערס אפפעריערע איך

| | | |
|---|---|---|
| 1 טירקענלאז געגען באנאטסראטען א | קרא. 7 | — 8 |
| 5 טירקענלאזע „ | „ | 35 — 40 |
| 25 טירקענלאזע „ | „ | 100 — 180 |

אללייניגעס אונגעטיילטעס **נעווינרעכט** אויף גרונד איינער גענעהמיגטען אן מינישטעריעללען . פערקויפס־אורקונדע ואפערט נאך ערלאן דער I ראטע דירעקט אן מיך, ריא פער פאסטאנווייזונג אן מיך איינגעזענדעט ווערדען וואללע. בוללינסטע פרייזנעססעטצלונג אויף גרונד דעם יעווייליגען טאגעסקורסעס.

**Eduard Urbar**, Bankhaus,
**Brünn, Grosser Platz 22,25**
(im eigenen Hause)

סאלידע שטאבילע וויעדערפערקויפער שטעללע איך אן. ביללינע פרייזע. גוטע פראוויזיא.

---

## 10.000 הויזהאל־טונגען

בענוטצען בערייטס די פאטענט בוטטער „מא־נאפאל“.

דיזע בוטטער איז דער נאטורבוטטער צו יעדער בעציהונג גלייך יעדאך בעדייטענד ביל־לינער. קיינע הויזפרוי פערזיימט איינען פער־זוך דאמיט צו מאכען. וואו פאטענט בוטטער נישט פארהאנדען איז ווענדע מאן זיך די־רעקט אן דער

I. Oesterr.
**Pat. Butterfabrik „MONOPOL“**
Krakau, Jasna 8.

פרייז פער $1/2$ קילא קרא. 1,20.

---

## עפילעפסיע.

ווער עס אין סאלוכט, קרעמ־פפען א. אנדערע נערוועזען צושטענדען ליידעט. פערלאנגע בראשירע דאריבער. ערהעל־טליך גראטיס א. פראנקא דורך די
**Privil. Schwanen-Apotheke Frankfurt a. M.**

MARKA OCHRONNA
Chokolat
**Hoff**
Najsłynniejsza marka Jana Hoffa fabryka kakao i czekolady WIEDEŃ-STADLAU

Pierwszy krajowy, hurtowny i częściowy

**Skład Gramofonów**

# Józefa Wekslera

| we Lwowie | w Krakowie |
|---|---|
| Sykstuska 2 | Grodzka 71 |
| Telefon 2089/II | obok Wawelu |

poleca swoje stanowczo **bez szmeru najlepiej grające Gramofony**, oraz płyty z marką »Piszący Aniołek«, uznane przez pierwszorzędnych znawców za **najlepsze i najtrwalsze**



Odznaczona na Wystawie Jubileuszowej we Lwowie w październiku 1908. najwyższem odznaczeniem **Grand Prix**

**Cenniki darmo i opłatnie.**

**20.000** płyt polskich, ruskich i żydowskich zawsze na składzie. **20.000**

**KORZYSTNA WYMIANA PŁYT**

Części składowe i warsztaty reparacyjne na miejscu

**Gramofon koncertowy z 10 płytami 60 K.**

Przeróbka lub zamiana Pathefonów na gramofony, oraz wielki wybór Pathefonów i płyt.



**Jeneralne zastępstwo**
**Towarzystwa Ack. Gramofonów**
z marką »PISZĄCY ANIOŁEK«




---

איך בעעהרע מיך היעמיט בעקאנט צו געבען, דאס איך דאס אלטע רענאָמירטע

## ווייגעשעפט

ענ־גראס & ענ־דעטאיל

דער פירמא זלמן וואסערבערנער ויל איבער־נאָמען האבע או:ד וא׳לכעם אונטער מיינער פירמא

**ל. מיקענברונן, קראקא, סטראדאם נו׳ 5 ווייטער פיהרע.**

איך בין אין דער לאגע, ריינע נאטירליכע אונגארישע ווייגע פיינסטער קוואליטעט צו מעסינען פרייזען צו פערקויפען. בעזונדערס איך פיעל אלטע וויינע אין פלאשען אונד פערקויפע וואלבע צו בילינען פרייזען.

בעשטעלונגען פון דער פראווינץ ליעפערע טראנזיטא, וואדורך דער פרייז אינפאלגע ווענפאלענס דער פערצעהרונגסשטייער אום 20 העלער פער ליטער בילינער איזט אום צאהלרייכען צושפרוך ביטעט, אכטונגסוואלל

**L. MUCKENBRUNN, Weinhandlung, KRAKAU, Stradom 5.**

---

## קנאפף־מאשינען

נעבסט צוגעהערע צום וועלבסטאנפערטיגען פון שטאף־ און לעדערקנעפפע פיר העררען און דאמען־קאנפעקציאן, מעבעל, וואגען עטצ. אויך טרעססענקנעפפע, דאפעל־קנעפפע, זאוויא קנאפפטיילע (כוטצען) איינעים פאבריקאט עבענזא אלע ארט פאזאמענטיר־ארבייטען ליעפערט צו זעהר בילינען פרייזען:

**Posamenten & Knopffabrik**

**L Taschner, Krakau, Grodgasse 6**



פרייזקוראנטע אויף פערלאנגען גראטיס.

---

## פרץ קריינבערגער

שוהמאכערמייסטער

| אבסאלווענט דעם וואנדערמייסטערקורזעס פיר שוהמאכער דעם ק. ק. געווערבעפערדערונגסדיענסטעס אים יאהרע 1905 אין קראקוי. | אבסאלווענט דעם מוסטערבעטריעבעס פיר שוהמאכער דעם ק. ק. געווערבעפערדערונגסאמטעס אין וויען אים יאהרע 1909. |
|---|---|

עמפפיעהלט זיך צור אנפערטיגונג זעמטליכער עלעגאנטער העררען־ אונד דאמענשוהע נאך נייעסטען פאסאנען.

רעפאראטורען ווערדען פראמפט, סאליד אונד בילינ אויסגעפיהרט.

**Krakau, Krakowska 29.**

---

## בעקאנטמאכונג!

אונטערצייכנעטער בעעהרע מיך היעמיט מיינען געעהרטען קונדען בעקאנט צו געבען דאס איך צופאלגע פערגרעססערונג מיינעס אונטערנעהמענס נעבען מיינער אין קאשוי בעשטעהענדען בוכהאנדלונג, אין

## קראקוי, קראקויערגאססע נו׳ 37

איינע רייכסאָרטירטע מיט אללען נייערשיינונגען פערזעהענע

# עקספארט בוכהאנדלונג פיר יודישע ליטעראטור

אין העברעאישער יודישער אונד דייטשער שפראכע ערריכטעט האבע.

מיט דער ערריכטונג דיזער בוכהאנדלונג בין איך אין דער אנגענעהמען לאגע דען ווינשען מיינער געעהרטען קונדען אין יעדער הינזיכט, פאן דיזעם פלאטצע אויס אין וועיט העהערעם מאאסע צו ענטשפרעכען.

גלייכצייטיג מאכע איך אויפמערקזאם דאסס נעבען מיינען קאטאלאג נו׳ 2 ער־שיינט אנפאנגס ווינטער ל. י. איין נייער קאטאלאג ענטהאלטענד אללע איבעראלל ערשיענענען נייען ביכער אין העברעאישער אונד יודישער שפראכע.

## בעשטעללונגען ווערדען פינקטליך אונד פראמפט אויסגעפיהרט.

אינדעם איך מיינע ו. קונדען פיר דאס מיר אין מיינער קאשויער בוכהאנדלונג געשענקטע פערטרויען דאנקע, ערזוכע איך מיר דיזעם אויך אין מיינער נייען געשעפטסשטעללע צוצווענדען אונד מיך מיט צאהלרייכע אויפטרעגע צו בעעהרען.

האכאכטונגסוואלל

# L. Fortgang, Krakau

**Krakauerstrasse 37.**

---

## לשנה טובה תכתבו!

נייאהרעס קארטען לראשהשנה ווערדען שען אונד בילינסט אנגעפערטיגט אין דער בוכדרוקערייי:

**Josef Fischer, Krakau, Grodgasse 62.**

בעשטעלונגען פון דער פראווינץ ווערדען פאסטווענדענד אויסגעפיהרט.

---

# Wiedeński Bank Związkowy

**FILIA W KRAKOWIE — Rynek Główny, Linia A-B 44.**

Kapitał akcyjny 130 milionów Koron. Fundusze rezerwowe 39 milionów koron.




Przyjmuje **wkładki** w rachunku bieżącym i na **książeczki wkładkowe**. — Podatek rentowy opłaca bank z własnych funduszów. Kupno i sprzedaż papierów wartościowych, walut i dewiz. Udziela pożyczek wekslowych i na zastaw papierów. Przyjmuje walory w przechowanie. Wypłaca kupony i wylosowane efekta. Przyjmuje wszelkie zlecenia giełdowe. Udziela ustnych i pisemnych wskazówek w tym kierunku.




Wydawca: M. Fischer. — Odpowiedzialny redaktor: J. Kreppel. — Drukarnia Józefa Fischera w Krakowie.

**גראטולאציעס לראש־השנה אין דער יודישער אילוסטרירטער צייטונג קאסטען 1 קראנע** אין בריעפמארקען.